# ספּעקטאָר=בוך

צוזאַמענגעשטעלט פון

ד. קאַסעל



פארלאג „אחיספר"
ביי געז. „צענטראל",
ווארשע, נאוואליפקי 7.

# אינהאַלט:

זייט



מ. ספעקטאָר אין יאָר 1924 אין אַמעריקע

# מרדכי ספעקטאָר.

(שטריכן צו ספעקטאָרס ביאָגראַפיע).

I

מרדכי ספעקטאָר איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1858 אין אומאַן, קיעווער גוב. צו פיר יאָר איז אים געשטאָרבן דער פאָטער, אַ פרומער טאַלנער חסיד. דער קליינער ספעקטאָר האָט זיך דערצויגן אין אַ גרויס טומלדיק הויז אונטער דעה מוטערס השגחה. דידאָזיקע השגחה איז אָבער געווען אַ שוואַכע, און דאָס ייִנגל האָט געקענט פראַנק און פריי אַרומלויפן איבער דער שטאָט, אַרומשטופּן מיט קינדער, פאַרהילכן די גאַס מיט זיינע קולות.

די ספעקטאָר-משפחה, אַ פרום-חסידישע, איז געווען אַ גרויסע און אַ צעצווייגטע. „פון מיין מאַמעס צד האָב איך געהאַט פינף פעטערס, שטאַרקע און געזונטע, ווי די דעמבעס און הויכע, ווי די סאָסנעס. איינער האָט געלעבט הונדערט מיט צוויי יאָר, דריי זענען אַריבער די ניינציק, נאָר מיט איינעם האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק: ער איז געקראָכן אויפן בוידעם, אַראָפּגעפאַלן פון לייטער, קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן פאַר דער צייט: צו פינפאונאַכציק יאָר... זיי האָבן זייערע גאַנצע לאַנגע יאָרן נישט געוואוסט פון דאָקטוירים און רעצעפּטן, און מען האָט דערציילט, אַז זיי זענען נישט געשטאָרבן, נאָר אַנטשלאָפן געוואָרן"*).

„מיינע אַלע פינף פעטערס", דערציילט ווייטער ספעקטאָר, „פלעגן רעדן הויך און שטאָלץ, מיט לייבן-שטימען. זיי האָבן געהאַט פאַרביקע פנימער, אָן קנייטשן אויף די שטערנס, לאַנגע, שיינע, האַלב-גרויע בערד, און איך געדענק זיי אויך, אַ דאַנק זייער „שלום-עליכם-געלט",

*) „מיין לעבן", I טייל, ז. 5.

וואָס זיי פלעגן מיר געבן, ווען זיי פלעגן קומען צו אונז צו פאָרן פון זייערע שטעטלעך: באָהאָפּאָליע, קריוואָזע און אַנדערע".

אין שטוב האָט זיך געטומלט די גרויסע משפחה, די פעטערס מיט די מומעס, די שוועסטער מיט די שוואָגערס און אינדרויסן איז געווען אַ פרייע וועלט מיט זון, מיט פעלד, מיט וואַלד, מיט בלויען הימל, וואָס דאָס אַלץ האָט זיך אַזוי שאַרף איינגעקריצט אין דעם קינדערשן הערצל. „אַזוי־פיל הויכע און גרינע ביימער, דאָס זינגען און פיפּטשען פון אַזויפיל פײ־געלעך האָט מיר פאַרדרייט דאָס קעפּל, און דאָ, אויף דער ערד, אויף די גרינע בלעטעלעך קריכן אַזוינע שיינע פליגעלעך, זשוקעלעך און ווערעמ־לעך, און איך ווייס נישט אויף וואָס פריער צו קוקן און אין וועלכער זייט איך זאָל פריער זיך לאָזן לויפן" *).

און עס זענען אים זיך טאַקע צעפלויגן די אויגן און די פיסלעך. ער איז זיין גאַנצע קינדהייט אַרומגעפלויגן און נישט געקענט אָנזעטיקן זיינע חושים מיט לעבן. די מאַמע האָט געשריען אויף אים, די פעטערס האָבן זיך געקרימט, די מומעס האָבן אים געמוסרט, אָבער קיינער האָט נישט געקענט ווירקן אויף אים. ער איז אַלץ אַרומגעלאָפן. מען האָט אים נישט פאַרשטאַנען. מען האָט נישט געוואוסט, אַז אין דעמדאָזיקן יינגל ליגט אַ געוואַלדיקע לעבנסלוסט, אַ ברענענדיקער חשק צו דער זון, צום וואַלד, צו דער ערד און צו מענטשן, צו אַ ל ע מענטשן, פרעמדע און אייגענע, פריינט און שונאים, אַ חשק, וואָס וועט אים דערנאָך טרייבן צום שרייבן.

און דידאָזיקע קינדהייט האָט אים געקלונגען אין דער נשמה דאָס גאַנצע לעבן ביזן טויט.

„איך האָב זיך נישט צו באַקלאָגן אויף מיינע קינדעריאָרן, — איך האָב זיי ג ע ה אַ ט, און אַלע פלעגן אויף מיר זאָגן, אַז איך בין אין אַ הייבל (העמדל) געבוירן געוואָרן. און איך זאָג, אַז עס איז נישטאָ קיין שענערס אויף דער וועלט, ווי די קינדעריאָרן ביי יידן, און איך קוק שטענדיק מיט רחמנות אויף די אומגליקלעכע יידישע קינדער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין יידישע קינדעריאָרן, וואָס זענען אַזוי שיין און פול מיט פראַכט און גלאַנץ".

אַפילו דער פאַרצייטיקער יידישער חדר האָט נישט צעשטערט זייער רייץ. דער בייזער מלמד האָט זיי נישט פאַרביטערט. איבעריקנס, האָט ער אין אַלץ געזוכט און געפונען די בעסערע ליכטיקערע זייטן. אַפילו אין חדר, וואו ער האָט עפטער געכאַפּט קלעפּ פאַר נישט וועלן לערנען און זיך נישט אַריינלייגן מיט די ביינער אין דעם רבים שלעכט פאַרטייטשטע ווערטער — אַפילו אין חדר האָט ער זיך אויך געפילט גוט.

„איך האָב פון דעם רבין געכאַפּט קלעפּ, דער באַהעלפער האָט

*) „מײַן לעבן", I טײל, ז. 14.

איך נישט געשוויגן און אין מיר אַריינגעלייגט זיין חלק, די יינגלעך האָבן חוזק געמאַכט און מיך גערופן: „גוי". איך האָב אָבער נישט געפילט דעם ווייטיק פון דעם באַהעלפערס קלעפּ, איך האָב נישט געענטפערט מיינע חברים אויף זייער חוזק מאַכן, ווי גלייך עס האָט זיך מיר דאָס אַלץ נישט אָנגעקערט. מיין גאַנצער „איך" איז געווען ערגעץ אין אַ ווייטער ווייטקייט, וואָס איך ווייס אַליין נישט וואָס דאָס איז".

ער פאַרגעסט באַלד אין די קלעפּ און גיט צו מיט אַ האַרציקער ווייכקייט:

„איך האָב ליב געהאַט דעם חדר מיט אַלע מיינע חברים, באַזונדערס זומערצייט.

„איך האָב ליב געהאַט אונזער שטעטל מיט אַלע פּלעצער און ווינקעלעך, וואו מיר, יינגלעך, האָבן זיך געקענט שפּילן.

„באַזונדערס פלעג איך ליב האָבן די זומערפאַרנאַכטן, ווען מיר, יינגלעך, פלעגן גיין פון חדר אַהיים גלייך מיט דער טשערעדע און דער באַהעלפער פלעגט מיט אונז אַזוי שיין זינגען מיט פּסוקים פון חומש".

אַזוי זענען שנעל, לייכט און פריילעך אַריבערגעפלויגן ספּעקטאָרס קינדעריאָרן אין גרינעם אוקראַינישן אומאַן, אין דער גרויסער פרום-חסידישער משפּחה און אויף דער פרייער לופט, צווישן הימל, פעלד און זון.

## II

די יוגנט איז שוין געקומען מיט דאגות, מיט רעיונות וועגן אַ תּכלית. די גוטע מאַמע איז שוין אויך געווען שטאַרק פאַרעלטערט און אויסגעמאַטערט. אָבער אויך אין ספּעקטאָרס יוגנט האָבן נאָך געציטערט שטראַלן פון זיין קינדהייט. דאָס אונטערגעוואַקסענע יינגל איז נאָך אַלץ געווען אַ קינד, וואָס ווייס נישט וואָס צו טאָן פון איבערלעבער פרייד, וואָס קען זיך נישט אָנזעטיקן מיט דער רחבות פון טאָג, פון ליכט, פון שמאַטישע קלאַנגען:

אין דער מאַמעס מוסר איז אַריינגעפאַלן אַ פאַרביטערטער טאָן, אין דער משפּחה האָט מען געמורמלט, אַז פון דעם יינגל וועט שוין קיין לייט נישט זיין. זיין גרעסטער חטא איז געווען דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט לערנען און האָט קיינעם נישט געפאָלגט.

די מאַמע האָט זיך מיישב געווען מיט דער משפּחה. מען האָט איינגעפונען, אַז ווען אַ יינגל וואַקסט אָן אַ טאַטן, מוז ער אַראָפּגיין פון דרך-הישר, ער מוז קאַליע ווערן. און דעריבער איז דאָס גלייכסטע, מען זאָל אים אַוועקשיקן אינדערפרעמד, צו אַן עלטערער אויסגעגעבענער

שוועסטער אָדער צו אַן עלטערן ברודער, און דאָרט, אונטער אַ פּאַרשטאַרקטער השגחה, אין אַ קעלטערער פֿרעמדער סביבה, וועט ער מוזן ווערן אַ שטיקל מענטש.

מען האָט אים אויסגעריכט צו דער עלטערער שוועסטער קיין הייסין. אין הייסין איז ער אָנגעקומען פֿרייטיק, און שוין אין דעם אייגענעם טאָג האָט ער איבערגעלעבט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים שטאַרק דערשלאָגן און פֿאַרביטערט.

פֿרייטיק־צונאַכטס איז ער געגאַנגען מיטן שוואָגער אין קלויז. ער האָט געטראָגן אַ שיין קאַפּאָטקעלע, נייע שטיוועלעך, אָבער אַן אַלט היטעלע אויפֿן קאָפּ. עס איז אים געווען אומעטיק. „מיין שוואָגער מיט זיין גאַנצער גרויסקייט און ברייטקייט און מיט זיין זיידענער ראַדזיוואָולקע אויף די אַקסלען האָט געשפּאַנט פֿאָרויס מיט זיינע לאַנגע פֿיס, און איך האָב זיך קוים נאָכגעשלעפּט. איך בין ביי זיך אָראָפּגעפֿאַלן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און טרויעריק בין איך געוואָרן, וואָס גייענדיק איבער דער פֿרעמדער שטאָט, בין איך נישט געווען זיכער אין יעדן, און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך פֿאַל אין אַ זינקענדיקן זאַמד“ *).

אין קלויז איז דער שוואָגער אַוועק אויבנאָן און דאָס יינגל האָט ער איבערגעלאָזט דאַווענען ביי דער טיר, לעבן דעם לאַנגן טיש, צוזאַמען מיט אַלע קבצנים און אורחים פֿון שטעטל.

נאָכן דאַווענען האָט ר׳ פֿייטל קאָרעק, „אַ ייד פֿון מיטעלע יאָרן מיט אַן אויסגעדאַרט פֿאַרטריקנט פּנים און מיט איין אַקסל העכער פֿון צווייטן“, איינגעטיילט יעדן באַלעבאָס אַן אורח אויף שבת, איינגעטיילט פֿון די יידן און יינגלעך, וואָס זענען געזעסן ביים לאַנגן טיש, לעבן דער טיר.

„דערזעלבער ר׳ פֿייטל“, דערציילט ספּעקטאָר אין זיינע זכרונות, „איז אויך צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף אַ באַלעבאָס מיט אַ גרויער לאַנגער באָרד:

„יינגעלע, גיי מיט ר׳ בערישן...“

איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז געשען. דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט. אַ פֿרעמדער, אַ דערשראָקענער, אין אַ נייער שטאָט, אַן עלנטער און אַ פֿאַרשעמטער, וואָס מיין שוואָגער האָט מיך איבערגעלאָזט ביי דער טיר און נישט מיטגענומען לעבן זיך ביי דער מזרח־וואַנט, האָב איך נישט געטראַכט פֿון קיין שום זאַך און בין נאָכגעגאַנגען דעם ייד מיט דער לאַנגער גרויער באָרד. מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ גאַנצע גאַס, ביז מיר זענען געקומען אויפֿן מאַרקפּלאַץ. דאָ האָב איך דערהערט מיין שוואָגערס קול: „ר׳ בעריש, ר׳ בעריש, שטייט נאָר, וואַרט נאָר אויס!“... עס איז

*) „מיין לעבן“, I טייל, ז. 202.

אָנגעלאָפן מיין שוואָגער צוזאַמען מיט פייטל קאָרעק. קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט מיין שוואָגער מיך אָנגענומען ביים הענטל, זאָגנדיק דערביי צו מיר מיט כעס: „קום!...“

„וואָס הייסט קום?“ האָט ר׳ בעריש מיך אָנגעכאַפּט ביי דער צווייטער האַנט. „ער איז מיין אורח אויף שבת“.

דער שוואָגער האָט געשריען: „ער איז מיין אורח!“ און ר׳ בעריש האָט געשריען: „ער איז מיין אורח!“

מען האָט לאַנג געטענהט און געשריען. דער שוואָגער האָט געמוזט פאַרציילן אַ לאַנגע מעשה, אַז דאָס יינגל איז זיין ווייבס אַ ברודערל, און ר׳ בעריש האָט נאָכגעלאָזט מיט קולות און זידלערייען ביי אַ גרויס געלעכטער פון אַ רעדל מענטשן. שטאַרק פאַרשעמטע, האָט דער שוואָגער מיטן יינגל זיך אָפּגעטראָגן אַהיים.

„מיר זענעןביידע געגאַנגען שווייגנדיק. קיינער האָט פון אונז מער קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט. נאָר פּלוצלונג, ווען מיר האָבן זיך דערנענט צו דער שטוב, האָט הארצי־לייב (דער שוואָגער) ווייך, שטיל און מיט גוטע ווערטער זיך אָנגערופן צו מיר:

„מאָטעלע, דו ביזט דאָך אַ וואויל יינגעלע, בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט אינדערהיים קיינעם נישט דערציילן, וואָס דאָ אין קלויז איז געשען... איך וועל דיך שוין מער נישט אָפּלאָזן, און איבעראַכטאָג שבת וועסטו שוין האָבן אַ ניי היטעלע, וועסטו שוין זיצן מיט מיר ביי דער מזרח־וואַנט...“

דאָס איז געווען דער ערשטער ביטערער ברוך־הבא אין אַ פרעמדער שטאָט, די ערשטע אַנטוישונג, די ערשטע וואונד אין דער נשמה.

קיין „לייט“ איז ער אָבער דאָ אויך נישט געוואָרן. איבעריקנס, איז ער נישט לאַנג פאַרבליבן אין הייסין. ער האָט אַוועקגעשיקט דער מאַמען אַ בריוו פון עטלעכע גרויסע בויגנס פּאַפּיר. „דעם בריוו האָב איך געשריבן עטלעכע טעג און האָב באַשריבן אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין הייסין פון דעם ערשטן טאָג, וואָס איך בין געקומען און האָב אויך באַשריבן, ווי אַזוי הארצי־לייב איז מיט מיר געגאַנגען דעם ערשטן שבת דאַוונען און אַז איבער מיין וואָכעדיק היטל האָט ער זיך געשעמט מיט מיר צו זיצן אויף זיין שטאָט אין מזרח־וואַנט. דערדאָזיקער גרויסער בריוו איז געווען מיין ערשטע „פאַרפאַסונג“, און ווער עס האָט אים געלייענט, האָט אים געלויבט און געגאַפט, ווי אַזוי קען עס אַ מענטש, און נאָך אַזאַ יונג קינד, אָנשרייבן אַזאַ גרויסן בריוו פון עטלעכע בויגנס? וואו האָט ער גענומען אַזויפיל קאָפּ און געדאַנקען אָנצושרייבן אַזויפיל וועגן זיין שוואָגער הארצי־לייב, וועלכער איז אין בריוו אַרויסגעקומען, ווי אַ לעבעדיקער. אַפילו דער פעטער משה, וואָס איז שטענדיק געווען קעגן מיר, האָט אויך

שטאַרק געליבט דעם בריה און געזאָגט, אַז פון דעם בריוו קען מען מאַכן אַ ספר. דער פעטער משה איז געווען דער ערשטער קריטיקער פון מיין שרייבן"*).

דער עלטערער ברודער, וואָס האָט באַקומען דעמדאָזיקן בריה, צוגעשיקט פון דער מוטער, האָט אַרויסגעפאָדערט דאָס יינגל צו זיך אין שטעטל וו—קע, פונוואַנען די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך שפּעטער אַריבערגעפּעקלט אין דער שטאָט וויניצע.

וויניצע איז שוין געווען אַ היפּשע שטאָט פאַר דעם קליינעם ספּעק-טאָרן, אַ שטאָט נישט בלויז מיט קלויזן און בתי-מדרשים, נאָר אויך מיט וועלטלעכע שולן און אפּיקורסים. דאָ, אין וויניצע, האָט ער זיך געפּרואווט ערנסט נעמען צום לערנען. ער האָט זיך אַפילו געכאַפּט פאַר רוסיש און אַריטמעטיק. דער ברודער האָט אים אָבער שטאַרק געשטערט דעריין. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אפּיקורסות, וואָס קען אַריינטרייבן אויף אייביק אין גיהנום. אין וויניצע האָט ער אויך צום ערשטן מאָל אין לעבן דערזען אַ פּאָר באַרימטע יידישע ליטעראַטן: אברהם גאָלדפאַדען און יצחק-יואל לינעצקי, און געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ משכיל פון יענער צייט, מיט דוד ענגעלשטיין, אליעזר צווייפעלס אַן איידעם, „וואָס האָט געשריבן אין די גאַזעטן" און וואָס האָט דערוועקט אין יונגן ספּעקטאָר אַ שטאַרקן חשק צו וועלטלעכע לימודים. ביי ענגעל-שטיינען אין שטוב האָט ער געפונען אַ שלל ביכער: יידישע, העברעישע און רוסישע און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיי, ווי אַ הונגעריקע חיה. און ער האָט שוין דעמאָלט באַשלאָסן, אַז „דער גרעסטער כבוד אין דער וועלט איז זוכה צו זיין, צו ווערן אַ שרייבער פון אַ בוך".

פאַר זיך, אינדערשטיל, האָט ער שוין אָנגעהייבן ביסלעכווייז צו שרייבן.

## III

וויניצע איז אָבער פאַר אים אויך קיין נעסט נישט געווען. דער פרומער ברודער האָט נישט געקענט צוזען, ווי דאָס יינגל גייט אַראָפּ פון גוטן וועג. ער האָט געוויינט און געקלאָגט איבער אים און האָט ביידן פאַרביטערט דאָס לעבן. ער האָט געהאַלטן, אַז דער קליינער ברודער איז אַריינגעטאָן אין מעשים רעים, פאַר וועלכע ער, דער עלטערער ברודער, וועט נישט קענען ווייזן די אויגן פאַר זיין רבין. דער יונגער

*) „מיין לעבן", I טייל, ז. 212.

ספעקטאָר האָט סוף כּל סוף געמוזט פאַרלאָזן וויניצע, די שטאָט, מיט וועלכער ער האָט זיך גוט איינגעלעבט. וואוהין פאָרט מען אָבער? קיין אַנדער וועג איז נישט געווען, ווי נאָר דער וועג אַהיים, צו דער אַלטער מאַמען.

אינדערהיים האָט זיך אָנגעהייבן דאָס אַלטע שווערע לעבן. מען האָט געזען, אַז ער איז נישט פרום, אַז ער קוקט אַריין אין אַ טריף־פּסול און טראָגט זיך אַרום מיט משוגעדיקע רעיונות. קיינער אין דער משפּחה האָט אים נישט פאַרשטאַנען און די אַלטע מאַמע האָט צוגעווינט מיט מוסר־ווערטער. אין ספּעקטאָרן האָט זיך איינגעגעסן אַ געדאַנק: מען דאַרף נעמען און אַוועקפאָרן פון דערהיים, פון דער משפּחה, אָן אַ זיי־געזונט. מען דאַרף אַנטלויפן פון דערהיים. ער איז אָבער נישט אַנטלאָפן צוליב אַ צופאַל. צו יענער צייט האָט ער זיך אויף אַן אויסטערלישן אופן באַקענט מיט אַ מיליטערישן אינזשעניער, זייער אַן אָריגינעלער מענטש, וואָס איז געווען אַ בעל צו לערנען מיט יידישע קינדער און „מאַכן זיי פאַר מענטשן“, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ספּעקטאָר האָט שוין מער נישט געטראַכט פון דעם, אַז מען דאַרף אַנטלויפן פון דער־היים. צוזאַמען מיט נאָך פיר יינגלעך האָט ער אָנגעהייבן לערנען ביים אינזשעניער און פאַר אים האָט זיך געעפנט אַ קוואַל פון ידיעות. אַ נייע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים. דער אינזשעניער האָט צוגעפּאַסט אַ קורס פון אַכט חדשים, האָט זייער פּינקטלעך געפירט די לימודים, און נאָך די אַכט חדשים האָט ספּעקטאָר באַקומען, אַזוי צו זאָגן, אַ פּ ר י וו אַ ט ן אַ ט ע ס ט אַ ט. „מיר האָבן נישט געגלויבט אין אונזער גליק“, שרייבט ספּעקטאָר אין זיינע זכרונות, „אַז פון איצט אָן וועלן מיר נישט זיין אַבי־ווער, נאָר מענטשן מיט „בילדונג“. און טאַקע ווידעראַמאָל: דער אַטעסטאַט, וואָס איז געווען דער העכסטער אידעאַל ביי יעדן משכּיל“.

צו יענער צייט האָט ספּעקטאָר שוין געפּרואווט שרייבן נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך „פאַר דער וועלט“. דער חשק צו שרייבן האָט אים נישט געלאָזט רוען. „שרייבן אין די צייטונגען“, דערציילט ספּעקטאָר, „פלעג איך די ערשטע צייטן נישט קיין „ליטעראַטור“ און נישט קיין מאמרים, נאָר קאָרעספּאָנדענציעס וועגן געשעענישן אין אונזער שטאָט, טראַכטנדיק דערביי, אַז ווען מען וועט אָנהייבן דרוקן קאָרעספּאָנדענציעס, וועל איך שוין דערנאָך אָנהייבן שיקן מאמרים און אויך סיפּורים“. ער איז אָבער דורכגעגאַנגען די אַלע שלעק און פּורעניות פון אַן אָנפאַנגער: די רעדאַקציעס האָבן אים אויסגעלאַכט, געענטפערט מיט נאַרישע וויצן אין בריווקאַסטן, פאַרביטערט אים דאָס לעבן. ער האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן. ער האָט זיך געראַנגלט, געשריבן און ווייטער געשיקט

אין די רעדאַקציעס. דאָס איז נישט געווען קיין קאַפּריז פון אַ קליינ־שטעטלדיקן יינגל, נאָר אַ שטים פון בלוט, אַ אידעאַל, אַ רעגונג, וואָס האָט פאַרכאַפּט זיין גאַנצן מהות. „מיינע חברים און אַלע יינגלעך פון מיין גראַד האָבן נאָר פאַנטאַזירט צו ווערן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן, אָדער באַנקירן, גרויסע סוחרים און פאָדריאַדטשיקעס, נאָר ביי מיר זענען אָט די אַלע באַשעפטיקונגען געווען גאָרנישט מיט גאָרנישט קעגן אַ שרייבער, אַ מחבר, און ווער שמועסט, מיט דער צייט צו ווערן אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג אָדער אַ זשורנאַל“ *).

אַ׳׳ האָט זיך דער יונגער מאָטעלע געראַנגלט פאַר דעם קינפּ־טיקן מרדכי ספּעקטאָר. אינדערהיים איז די לאַגע געוואָרן אַלץ שווערער. ביי לייטן האָבן אַזוינע בחורימלעך אָדער גוט געלערנט אין אַ ישיבה — מיט דער האָפענונג צו ווערן ביי יידן אַ רב, אָדער שוין צוגעהאַנדלט אין מאַרק און פאַרדינט געלט, און דאָ האָט אַ בחורל געפּוסטאַפּאַסעוועט, געלייענט ביכלעך און זיך אַרומגעפּאָרעט מיט דער פּען. די משפחה האָט אים נישט גערודפט, אָבער מען האָט אים געהאַלטן אין איין מוסרן און זיך אויסטענהן מיט אים. דערצו האָט די מאַמע צו די עלטערע יאָרן חתונה געהאַט. אין שטוב האָט זיך באַוויזן אַ פרעמדער ייד, אַ נייער באַלעבאָס, און דאָס ביסל וואַרעמקייט, וואָס דער יונגער ספּעקטאָר האָט נאָך גע־פונען אינדערהיים, האָט זיך אויך צו ביסלעך אויסגעלאָשן. דער קאָפּ האָט אים געשווינדלט פון פאַרשידענע רעיונות און פּלענער. דאָ האָט ער געטראַכט פון לערנען, פון ערנסט לערנען און אַריינטרעטן אין אוניווער־זיטעט און דאָ גאָר פון פּשוטער מלאכה, ווערן אַן אַרבעטער און פאַר־דינען אויף דער חיונה. פון די אַלע רעיונות האָט זיך אָבער גאָרנישט אויסגעלאָזט. אין אַ שיינעם זומערדיקן פרימאָרגן האָט ער גענומען זיין מאָנער פּעקל, זיך צעזעגנט מיט דער מאַמען און זיך ווידעראַמאָל אַוועק־געלאָזט צו זיין ברודער אין וויניצע.

## IV

אַ מערקווירדיקע זאַך: וויניצע איז געווען די שטאָט, וואָס האָט אים צום ערשטן מאָל געגעבן אַ שטאַרקן שטויס צום שרייבן און צום ערשטן מאָל אים געוויזן יידישע ליטעראַטן. אין דערדאָזיקער שטאָט האָט ער זיך געפילט, ווי אין אַ טשאַד פון ליטעראַטור. ער איז אַרומגעגאַנגען און געחלומט פון אָנגעשריבענע ביכער, פון ראָמאַנען און דערציילונגען.

*) „מיין לעבן“ II טייל, ז. 76.

דאסמאל האט ער זיך באקאנט מיטן שריפטשטעלער אליעזר צבי הכהן צווייפעל, וואס איז געווען בארימט צו יענער צייט. אין דערדאזיקער באקאנטשאפט האט ער געזען עפעס א באשערטקייט, א פארבינדונג מיט דער קינפטיקער שריפטשטעלעריי. דער יונגער ספעקטאר האט זיך שוין בגניבה געהאלטן פאר א שרייבער און פאר א מיטגליד פון דער שרייבער־משפחה. אויך צווייפעל האט זיך זייער ווארעם באצויגן צו אים. „ער האט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף מיינע אקסלען און מיך אנידערגעזעצט נאענט לעבן זיך, ווי א פאטער זעצט אנידער לעבן זיך א קינד. ער האט געזאגט: „מיין טאכטער האט מיר שוין דערציילט וועגן אייך, אז איר האט א נייגונג צו שרייבן בילדער פון יידישן לעבן... איר איז אייער שרייבן געפעלן. ווען איר וועט זיין דאס צווייטע מאל, ברענגט עפעס פון אייער שרייבן, וועלן מיר עס איבערלייענען". איך האב געפילט, ווי מיינע אויערן און ביידע באקן פלאקערן, דאס הארץ האט מיר שטארק געקלאפט, און איך האב אין אנהייב קיין ווארט נישט געקענט אויסרעדן פון גליק..."

ער איז צעמישט געווארן פון גליק און חלומות, און אין דערדאזיקער זיסער צעמישונג איז אים געפלויגן פאר די אויגן דאס וואכעדיקע ניכטערע לעבן, אויף וועלכן ער האט זיך לגמרי נישט אומגעקוקט. עס איז געפלויגן א יאר נאך א יאר. ער האט געטוישט די ערטער, געפארן פון איין שטעטל אין א צווייטן, די מאמע איז אים געשטארבן, דער פריזיוו האט זיך אונטערגערוקט, ער איז אריינגעפאלן אין אדעס און געהונגערט דארט — און ער איז אלץ ארומגעגאנגען מיט א הייסן חלום אין הארצן: דעם חלום פון שרייבן. פון אלע זיינע פלענער, וואס האבן אים געזאלט איינארדענען און צופאסן צום לעבן, האט זיך גארנישט אויסגעלאזט. און אלץ האט אים געשטערט דער חלום. ער האט אים געשטערט אין לערנען און געשטערט אין גרייטן זיך אין אוניווערזיטעט (די גאנצע צייט האט ער זיך אלץ געגרייט אין אוניווערזיטעט) און געשטערט אין זיינע אונטערנעמונגען, און אז דאס מזל האט ספעקטארן פארטראגן אינם מאלערישן שטעטל מעזשיבוזש, האט ער אלץ נישט געוואוסט צו וואס זיך צו כאפן. דער געזונטער פולבלוטיקער גאנצער יונגער ספעקטאר, וואס איז געווען אויסגעגאסן, ווי פון א פורעם, האט זיך אין זיין קליינעם מעזשיבוזשער צימערל אוועקגעלייגט אויף דער קאנאפקע מיטן פנים ארויף, מיט די הענט פארלייגט אונטערן קאפ און שעהנלאנג געקוקט אויפן סופיט. עס איז געווען די העכסטע אנשטרענגונג פון זיינע נערוון. דא, אין מעזשיבוזש, האט געמוזט באשלאסן ווערן זיין גורל. ער האט שוין פארשאטן די רעדאקציע פון „יודישען פאלקסבלאט" מיט בריוועלעך, מיט קארעספאנדענציעס. איצט האט ער ארויסגעשיקט אין „פאלקסבלאט"

די ערשטע קאַפּיטלעך פֿון זיין „ראָמאַן אָן אַ נאָמען". עס האָט אים געוואָרפֿן אין היץ און אין קעלט. ער האָט געוואַרט אויפֿן ענטפֿער, וואָס האָט אים אויסגעזען, ווי אַן ענטפֿער אויף זיין לעבן. נאָך קיינמאָל האָט אַן אָנפֿאַנגער אַזוי נישט געברענט, ווי ספּעקטאָר. און אָט איז דער ענטפֿער געקומען, אַ ליבער, אַ גוטער, וואָס דערוואַרעמט מיט האָפֿענונגען, וואָס רעדט פֿון אַ שרייבערשער צוקונפֿט.

פֿון מעזשיבוזש האָט זיך אָנגעהייבן דער לאַנגער ספּעקטאָר-וועג. נאָכן „ראָמאַן אָן אַ נאָמען", וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די לעזערקרייזן, האָט ער געדרוקט אין דעם אייגענעם „פֿאָלקסבלאַט" דעם „יודישען מוזשיק", וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפֿאָלג. דער „יודישער מוזשיק" האָט אים באַלד אַרויסגערוקט צווישן די גדולים פֿון יידישן וואָרט. ספּעקטאָר האָט, לגבי מענדעלען, לינעצקין און אַנדערע פֿון יענער צייט געהאַט די מעלה, וואָס ער איז געווען פּשוטער, נאָענטער, געמיטלעכער און היימישער פֿון זיי. ער איז אויך געווען בויגזאַמער פֿון זיי. ער האָט געקענט שרייבן וועגן אַלץ און לאָזן אין איין שטראָם סיי בעלעטריסטיק און סיי פּובליציסטיק. ער האָט געהאַט אַ לייכטריידנדיקע פּעדער. צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פֿון „יודישן פֿאָלקסבלאַט", האָט געקענט אָפּשאַצן דיזאָזיקע מעלות און האָט ספּעקטאָרן אַרויסגערופֿן קיין פּעטערבורג. פֿאַר יענע שטילע יאָרן איז עס געווען אַ געוואַלדיקער שפּרונג: אומאַן — מעזשיבוזש — פּעטערבורג. ער איז נאָר געקומען אַ ביסעלע צו שפּעט: ספּעקטאָר איז שוין אַלט געווען אַ יאָר פֿינפֿאונצוואַנציק.

אין „פֿאָלקסבלאַט" האָט ער אַ סך געשריבן. ער האָט געשריבן אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען, יום-טובדיקע דערציילונגען, רייזע-בילדער, רעצענזיעס. אין דער אייגענער צייט האָט ער אויך אָנגעשריבן אַזוינע ווערק, ווי „עניים ואביונים", „ר' טרייטל", „אַ שטומער גוטער יוד", „אַ וועלט מיט וועלטעלעך" — ווערק, וואָס האָבן אים טיף איינגעוואָרצלט אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז איצט געווען ענלעך צו אַ גוטן געזונטן שווימער, פֿאַר וועלכן עס האָבן זיך מיטאַמאָל פֿאַנאַנדערגערוקט די ברעגן פֿון אַן אומענדלעכן גלאַטן זוניקן ים.

אין דעמדאָזיקן פּעטערבורגער גלאַנץ-פּעריאָד האָט ער חתונה געהאַט מיט דער יונגער שריפֿטשטעלערין איזאַבעלאַ, אַ טאָכטער פֿון דעם באַקאַנטן העברעיש-יידישן שריפֿטשטעלער א. ש. פֿרידבערג. ער האָט אָנגעהייבן אַ ניי לעבן, און עס האָבן זיך אים ברייט צעוואַקסן די האָפֿענונגען, די פּלענער. זיך נאָענטער באַקענט מיטן אַפּאַראַט פֿון אַ צייטונג, האָט ער אַליין געוואָלט ווערן אַן אַרויסגעבער און אַן אָנפֿירער פֿון אַ צייטונג. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון „פֿאָלקסבלאַט" און זיך

שטאַרק באַמיט אַרויסצוקריגן אַ דערלויבעניש אויף אַ צייטונג. דערויף האָט ער צעפּטרט זיין גאַנצן קאַפּיטאַל, אַ סומע פון 2500 רובל, און האָט זיך צו אַ צייטונג דאָך נישט דערשלאָגן. דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר אים, וואָס האָט אים אָבער נישט צעבראָכן. די פאַרלעגערישע פּלענער האָבן אים דאָס גאַנצע לעבן נישט פאַרלאָזט. אין יאָר 1887 איז ער מיט דער פרוי און צווי קליינע קינדער אַריבערגעפאָרן פון פּעטערבורג קיין וואַרשע און דאָ אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן זיין באַרימט יאָרבוך „דער הויז־פריינד“, וואָס איז געווען אַזוי גוט צוגעפּאַסט פאַר די ברייטע מאַסן פון פאָלק. די צייט איז אָבער נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר פאַרלעגערישע אונטערנעמונגען. עס איז געווען אַ טויטע צייט מיט בלישטשעדיקע נעמען: מענדעלע, שלום־עליכם און אָנהייב פּרץ. אָבער צווישן די בלישטשעדיקע נעמען און דעם לעזער איז געלעגן אַ ליידיקער וויסטער שטח. עס זענען נישט געווען קיין צייטונגען, קיין זשורנאַלן, וואָס זאָלן פירן דעם שרייבער צום לעזער און דעם לעזער צום שרייבער. און דאָס, וואָס איז געבויט געוואָרן אויף דעמדאָזיקן וויסטן שטח, איז באַלד איינגעפאַלן. דער שוואַכער באָדן האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם בנין. די אויסגעצייכנטע יאָרביכער „הויז־פריינד“ זענען געבליבן שטיין ווי מצבות ביי דעם פינפטן יאָר.

ספּעקטאָר האָט אָבער נישט געקענט רוען. ער האָט בסדר געוועקט די טויטע יידישע גאַס מיט נייע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען אַליין אָדער מיט שותּפים. אין יאָר 1894 האָט ער צוזאַמען מיט פּרצן אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן די מערקווירדיקע „יום־טוב־בלעטליך“. ער האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעטיילט פון פּרצן, וואָס איז געווען צו שאַרף, צו ניי און צו יום־טובדיק פאַר אים און האָט אַרויסגעגעבן פּשוטע „וואָכעדיקע בלעטליך“. גלייכצייטיק האָט ער אַרויסגעגעבן דעם „וואַרשאָווער יודישען קאַלענדאַר“ (תּרנ״ד און תּרנ״ו). מיטאַרבעטנדיק אַ לענגערע צייט אין „יוד“, וואו ער האָט געדרוקט זיינע „קאַליקעס“ „דער שטרייק פון קבצנים“, „ברילן“ און אַנד., און געפירט די שטענדיקע אָפּטיילונג „שטעדט און שטעדטליך“ האָט ער אין די יאָרן 1902—3 צוזאַמען מיט דר. ח. ד. הורוויץ רעדאַקטירט דאָס וואָכנבלאַט „די יודישע פאָלקסצייטונג“ און די ביילאַגע „פרויען־וועלט“. נאָכדעם האָט ער רעדאַקטירט דאָס זאַמלבוך „הילף“ (1903), די ווילנער „צייט“ (1906), דאָס וואַרשעווער וואָכנבלאַט „פרייטאָג“ (1907). אין דער אייגענער צייט האָט ער מיטגעאַרבעט אין „פריינד“, „וועג“, „טאָג“. אין יאָר 1907 האָט ער צוזאַמען מיט ש. האָכבערג געגרינדעט די צייטונג „אונזער לעבן“. אין יאָר 1909 האָט ער אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן דאָס טאָגבלאַט „די נייע וועלט“, וואָס האָט זיך שפּעטער

פֿאַרייניקט מיטן „מאָמענט" *). אין „מאָמענט" האָט ער זיך ערשט פֿעסטער אײַנדערגעזעצט, הגם דער קאָפּ האָט אים נאָך אַלץ געטראָגן מיט פֿאַרשידענע ליטעראַרישע פּלענער און אונטערנעמונגען.

אין יאָר 1914, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, האָט ער צוזאַמען מיט זײַן צווייטער פֿרוי (אַ שוועסטער פֿון ד. פּינסקיס פֿרוי) זיך אַריבערגעצויגן קיין אָדעס, וואו ער האָט זיך תּחילת גוט אײַנגעאָרדנט. שפּעטער אָבער, ווען אָדעס איז אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿייער פֿון נײַנצן מלוכה־איבערקערענישן, האָט ספּעקטאָר איבערגעלעבט זייער אַ שווערע צײַט. ער איז קראַנק געוואָרן, אַדורכגעמאַכט צוויי געפֿערלעכע אָפּעראַציעס **), אָבער זײַן געזונטער אָרגאַניזם און די געוואַלדיקע לעבנסלוסט האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פֿון דערדאָזיקער טויט־סכּנה.

נאָך דידאָזיקע שווערע איבערלעבענישן האָט ער שוין נישט געוואָלט מער פֿאַרבלײַבן אין אָדעס. ער האָט געחלומט פֿון אויסלאַנד, דער עיקר פֿון אַמעריקע. אין דעם שווערן יאָר 1920 האָט ער ממש אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, און צוזאַמען מיט דער פֿרוי געשוואַרצט די באָלשעוויסטישע גרענעץ. מיט גרויס שוועריקייטן האָט ער זיך אַרײַנגעקריגן קיין רומעניע. די יידישע מאַסן פֿון בעסאַראַביע האָבן אים אויפֿגענומען מיט התלהבות. מיט דערזעלבער התלהבות האָט מען אים אויפֿגענומען אומעטום, וואו ער האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויפֿן וועג קיין אַמעריקע. זײַן נסיעה האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ ספּעקטאָר־יום־טובֿ. די אויפֿריכטיקע באַגײַסטערונג פֿון די ברייטע לעזערמאַסן האָט דעם אַלטן שרײַבער דערוואַרעמט און אויפֿגעמונטערט. ער האָט זיך דערפֿילט ווי נײַ־געבוירן.

אין ניו־יאָרק האָט ער זיך באַלד אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט. ער האָט געשריבן מיט דערזעלבער לוסט און ענערגיע, ווי אַמאָל, אין די יונגע יאָרן, אין פּעטערבורג. ער האָט געשריבן גרויסע ראָמאַנען, זכרונות, אַרטיקלען און איז ווידעראַמאָל געווען אָנגעפּאַקט מיט גרויסע פּלענער. ער האָט אַפֿילו געטראַכט אַרויסצוגעבן אַ גרויסע טעגלעכע צײַטונג אין ניו־יאָרק. דער טאָן אין זײַנע פּריוואַטע בריוו איז געווען זייער אַ מונטערער. „אין מײַן גאַנץ לעבן", האָט ער געשריבן צו מ. קאַפּלאַן, „אַפֿילו אין די בעסערע צײַטן אין וואַרשע, האָט זיך מיר קיינמאָל אַזוי גוט, שיין און רואיק נישט געלעבט, ווי איצטער, הלוואי ווײַטער נישט ערגער, און וואָס מאָרגן וועט זײַן, ווייסט קיינער. דערווײַל איז זייער גוט.

*) זע ז. רייזענס „לעקסיקאָן פֿון דער יידישער ליטעראַטור", II באַנד.

**) זע מ. קאַפּלאַנס זכרונות אין „ספּעקטאָר־בוך".

דערצו האָב איך אַ גוטן פּאָסטן און פּאַרדין נישט שלעכט. נאַטירלעך, מוז מען אין אַמעריקע אַרבעטן".

די עלטער האָט לגמרי נישט אָפּגעשוואַכט זיין טאַלענט. פּאַרקערט, ספּעקטאָר האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן קרעפּטיקער און וואָגיקער געשריבן, ווי ווען עס איז פריער. אין זיינע גרויסע ראָמאַנען „סודות", „די קללה פון שיינקייט", „דער גרויסער יחסן" און באַזונדערס אין זיינע דריי בענדער זכרונות „מיין לעבן" זענען פאַראַן זייטלעך, וואָס דערמאָנען אין אַן ערשט-קלאַסישן קינסטלער. דווקא אין דעם אַמעריקאַנער פּעריאָד, אויף דער עלטער, אין אַ נייער פרעמדער סביבה, האָט ער געגעבן ברייטערע בילדער, קרעפּטיקערע שילדערונגען און שאַרפער געצייכנטע פיגורן. ער האָט זיך אויך אויפגעהייבן אין סטיל, אין לשון.

אָבער אינמיטן דער אַרבעט, פּלענער, רעיונות, טעמעס, חלומות, אונטערנעמונגען האָט זיך אונטערגערוקט דער טויט. ער האָט אים פאַרכאַפּט, ווי אַ יונגנמאַן אין אַ מיטן וועג, אין אַ מיטן באַוועגונג. עס איז איבערגעריסן געוואָרן אַ גרויס שטיק ענערגיע, אַ שטאַרקע קראַפט, אַ געוואַלדיקע לעבנסלוסט.

געשטאָרבן איז ספּעקטאָר דעם 15-טן מערץ 1925.

* * *

וועגן מ. ספּעקטאָרן האָט מען זייער ווייניק געשריבן, כמעט געציילטע שורות. ער איז נאָך ביז היינט צו טאָג נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן. די בלאַסע אויגן פון דער יידישער קריטיק האָבן אים, דעם מחבר פון „עניים ואביונים", „ר' טרייטל", „יידישע סטודענטן", „קאַליקעס", „יום-טובדיקע דערציילונגען", כמעט נישט באַמערקט.

ווי עס טרעפט אָבער מיט די נישט אָפּגעשאַצטע, האָט מען ספּעקטאָרן דווקא אַ סך געלייענט. אויב די קריטיק האָט אים נישט באַמערקט, האָט אים דאָס פאָלק באַמערקט. מען האָט ספּעקטאָרן אַ סך געלייענט, מען לייענט אים היינט אַ סך און מען וועט אים לייענען.

ספעקטאָר האָט געהאַט אַ דורשטיק אויג. וואָס האָט אַריינגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך פונם יידישן לעבן. זיין אויג איז אפשר געווען שטאַרקער פאַר זיין פעדער. ער האָט געקענט מ ע ר  ז ע ן, ווי שילדערן. אָבער אין זיין צוגאַנג צו אַ טעמע, אין זיין אייגנאַרטיקן, טיילמאָל באַשווערטן לשון, אין זיין אומגעפיילטקייט און אומבאַוועגלעכקייט ליגט, קענטיק, ע פ ע ס אַזוינס, וואָס וועט אים תמיד פאַרבינדן מיטן יידישן לעזער, בפרט מיטן פאָלקסמענטש.

וואָס איז אייגנטלעך אָט דאָס ע פ ע ס?

עס איז שווער צו ענטפערן דערויף. עס איז דאָס, וואָס לאָזט זיך נישט אַנטפּלעקן, צעגלידערן, דערקלערן.

דאָס איז די נשמה פון זיינע ווערק.

ש. העפנער.

אַברהם רייזען

# מרדכי ספּעקטאָר

זיין וואָרט האָט אונז געגלעט,
זיין וואָרט האָט אונז געהיילט;
פון זיך נישט פיל גערעדט,
פון אַנדערע — דערציילט.

דאָס לעבן אונז באַהעלט
און אונזער צער געשטילט.
אַן אָנדענק פון אַ וועלט
אין וואונדער איינגעהילט.

די שיינקייט פון אַ דור
האָט אָפּגעשטראַלט פון אים,
וואָס עכט און ריין און קלאָר —
גערעדט האָט דורך זיין שטים.

דאָס נייע ליב געהאַט,
פאַרנומען און פאַרטיפט;
און שיין ביז לעצטן בלאַט
פון לעבן און פון שריפט.

**א. פייגעלעס**

# מ. ספעקטאָר

ער האָט אַ סך ביכער געשריבן,
געזוכט אַלץ אין לעבן, געקליבן
פאַרשווינען און טיפן, געשטאַלטן
און טיף זיי אין הארצן באַהאַלטן.

און נאָכדעם אין בוך זיי געגעבן
מיט אָטעם, באַוועגונג און לעבן.
און סירוישט מיט די טרייטלס און פיניעס,
מיט שרהלעך, רחלעך, מיניעס.

זיי קומען אונז אָפט פאַר די אויגן
מיט ספּעקטאָרשן שמייכל באַצויגן,
און רעדן פון יאָרן און קלאַנגען,
וואָס זענען פאַרלאָרן געגאַנגען.

מיקאַעלאַ

# אויף ספּעקטאָרס טויט

דיינע שטריכן האָט דער טויט פאַרשפּיצט, ווי שפּיזן,
פרעמדע שטריכן אונטער שוואַרצן דעק.
לעצטער פון די ערשטע, פון די אַלטע ריזן,
ביזט שוין אויך נישטאָ, דו ביזט שוין אויך אַוועק...

יונגע גוטע אויגן אונטער ברעמען גרויע,
קינדישע נשמה אין אַ פעסטן גוף,
פול מיט לעבן, ווי די ערד מיט אוצרות רויע,
ביזט געווען פון פרייד דער אָנזאָג און דער רוף.

ווער האָט דען, ווי דו, פאַרשטאַנען עולם־הזה ?
שעפּן פרייד פון מענטשן, פון אַ שטורעמבליץ,
פון אַ קלאָרן הימל, פון אַ גוטער „זראַזע״,
פון אַ ווייכן בענקל, פון אַ שיינעם וויץ.

קליינע, גרויסע פריידן — האָסט געקענט זיי כאַפּן
אינם שמאָלן טייכל, אינם ברייטן ים —
שיינענדיקע פּערל אומעטום דערטאַפּן,
פילן אינם לעבן אַלעמאָל אַ טעם.

און דערפאַר איז אַלץ, וואָס דו האָסט אונז געגעבן —
מיט דיין פרייד באַשטראַלט און מיט דיין גייסט געגערט —
פול מיט קראַפט און זאַפט, מיט אייביק־יונגן לעבן
און מיט אַלע פרישע כוחות פון דער ערד.

ש. גרינער

# ספעקטאָרס אויגן

כ׳האָב געלייענט ספעקטאָרס ביכער,
דורכגעבלעטערט, דורכגעפלויגן,
דאָך אין מיין זכרון זענען
נאָר פאַרבליבן ספעקטאָרס אויגן.

ס׳האָט דער מענטש פאַרמאָגט אַן אוצר—
גרויסע שיינע טיפע אויגן,
און ער האָט מיט זיי פאַרעקשנט
זיך אין לעבן איינגעזויגן.

און געזען מיט זיי האָט ספעקטאָר
מער, ווי ער האָט אונז געגעבן,
אויסגעקוקט מיט זיי אַלץ דורשטיק,
דורכגענישטערט ס׳גאַנצע לעבן.

# מרדכי ספעקטאָר.

## דוד פרישמאַן.

איך געדענק: אין קאַיראָ איז עס געווען. אינם אַלט-אַראַבישן באַזאַר, ביי עפּעס אַ קראָמטישל, איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער אַראַבער מיט בליצנדיקע ציין און מיט אַ פּאָר האַלב-פאַרשלאָפענע אויגן, און דידאָזיקע האַלב-פאַרשלאָ-פענע אויגן האָבן אָן אַן אויפהער געלאָקערט אויף איטלעכן פאַרבייגייענדיקן אייראָפּעער.

פאַרבייגיין פאַר זיין קרעמל און זיך נישט אָפּשטעלן, איז געווען נישט מעגלעך. און צו פאַרקויפן האָט דערדאָזיקער אַראַבער געהאַט טויזנטערליי קעגנשטאַנדן: העלפאַנדביין און בראָנזן, קאַרטינעס און שניצערייען, דאַמאַסצענער קלינגען און געצירטע קינזשאַלן, זעלטענע גלאָזוואַרג און מערקווירדיקע טעפּ, אַלטפּרענקישע חפצים און מאָדערנע אויסאַרבעטונגען, אַלטע אויסגעגראָבענע זאַכן און אַזעלכע, וואָס מען מוז זיי ערשט באַגראָבן, זעלטנהייטן און אָפּגעשמוקטע שפּילעכלעך, אַזעלכע, וואָס קאָסטן הונדערטער און אַזעלכע, וואָס קאָסטן גראָשנס.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען, וואָס דערדאָזיקער אַראַבער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט אַליין דעם ווערט פון דעם קעגנשטאַנד, וועלכן ער האָט געוואָלט פאַרקויפן, און האָט מיט זיינע האַלב-פאַרשלאָפענע אויגן אַלעמאָל ערשט געמוזט קוקן דעם קונה אין מויל אַריין. דער קונה האָט געמוזט דער ערשטער זאָגן דעם פּרייז און וואָס ער וויל געבן...

און אָט אָן יענעם אַראַבער האָב איך געמוזט געדענקען, ווען איך האָב דאָ נישט לאַנג גענומען ווידעראַמאָל מ. ספּעקטאָרס זאַכן אין די הענט אַריין.

איך האָב אָן אים געמוזט געדענקען אויך אָט דאָ פֿאַר עטלעכע טעג, ווען איך האָב געלייענט זיין לעצט ביכל: „טאָג און נאַכט".

עס איז אפשר אַ ביסל כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ספּעקטאָרס ווענן, אַז ער אַליין איז קיינמאָל נישט קיין מבין אויף דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

זינט עטלעכע און צוואַנציק יאָר קען איך אים און ווייס שוין דאָס פֿון דער דערפֿאַרונג. דערלאַנגט ער מיר אַמאָל אַ זאַג: „מאָרגן וועט זיין געדרוקט פֿון מיר אַ פיינע זאַך, איך בעט אייך, לייענט עס", — קאָן איך מיך שוין וועטן הונדערט קעגן איינס, אַז דידאָזיקע זאַך וועט נישט זיין מער צו נעמען אין דער האַנט אַריין; דאַקעגן, מאַכט ער אַוועק עפּעס אַ זאַך כלאחר־יד און דורך אַ צופֿאַל האָב איך זי גראָד געלייענט, דאַן, על־פּי־רוב, קאָן איך מיך איבערצייגן, אַז דאָס איז איינס פֿון זיינע שענסטע קליינינקייטן. אַליין ווייסט ער קיינמאָל נישט, וואָס ער פֿאַרמאָגט אין זיין קרעמל.

פֿונוואַנען דאָס קומט? אפשר קומט עס דערפֿון, ווייל דאָס, וואָס ספּעקטאָר באַזיצט, איז דער ריינסטער נאַטור־פּראָדוקט. ער איז אפשר דער איינציקער נאַטור־טאַלענט, וועלכער אונזער מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט אויפגעוויזן. איך קען ביי אונז קיין צווייטן נישט, וועלכער האָט זיך געלאָזט אַזוי ווייניק פֿאַרפֿירן פֿון אַ קולטור, ווי ער. איך קען ביי אונז קיין צווייטן נישט, וועלכער איז געקומען אין דער ליטעראַטור אַריין מיט אַזוי ווייניק הילפסמיטלען פֿון דרויסן, ווי ער. אַלץ, וואָס ער האָט, איז זיין אייגן.

ווען דער פֿראַנצויזישער דיכטער האָט קאָקעטיש געזאָגט פֿון זיך: „מיין גלאָז איז קליין, אָבער איך טרינק פֿון מיין

גלאָז״, קאָן ספעקטאָר דאָסזעלביקע זאָגן פון זיך אין אַ געווויסן זין כמעט מיט מער רעכט.

ער איז געקומען אין דער ליטעראַטור אַריין אָן שום באַגאַזש: אָן פאָרבילדער, אָן טראַדיציעס, אָן בוך, כמעט אַזוי, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. מיטגעבראַכט האָט ער איינציק און אַליין די לוסט צום שרייבן, די נייגונג צו פאָרמען־גע־שטאַלטן, און אַ פּאָר געזונטע אויגן, אַ געזונטן נאַטור־פאַר־שטאַנד, אַ נאַטור־אינטעליגענץ און אַ געזונט נאַטירלעך פילן.

ווער ווייסט, אפשר ברויך מען אויך גאָרנישט מער. מיר אַליין האָט ספעקטאָר אָפט געדינט, אַלס באַווייז, אַז ס׳איז מעגלעך אַ טאַלענט פון זיך. נאַטירלעך, גרויסעס און געוואַל־טיקס ווערט אַזאַ טאַלענט נישט שאַפן. אָבער דאָס, וואָס ער שאַפט, האָט אַלעמאָל אַ האַנט און אַ פוס; זיין וועלט ווערט אַלעמאָל אַזאַ טאַלענט געבן גלאַנץ און געזונט.

מען האָט אַמאָל ספעקטאָרן ביי אונז דעם ביינאָמען געגעבן: „דער יידישער מוזשיק״, ווייל אַזוי האָט געהייסן איינער פון זיינע ערשטע ראָמאַנען, — איך גלויב אָבער, אַז דאָס איז אַ גרויסער שבח. עס שמעקט מיט אַזויפיל געזונטקייט און נאַטירלעכקייט.

אָפט, ביים לייענען ספעקטאָרן, בין איך געשטאַנען ווי פאַר אַ וואונדער: איך האָב פראָסט נישט געקענט באַגרייפן, ווי האָט גראָד דערדאָזיקער נאַטורמענטש מיט אַזוי ווייניק מיטלען געקאָנט דאָס אָדער יענץ באַשאַפן. די מיטלען זענען אַזעלכע ווינציקע, אַזעלכע איינפאַכע און פאָרט: די מענטשן לעבן און באַוועגן זיך, די שטימונג איז אַן עכטע, דער הומאָר איז אַ נאַטירלעכער, און פלוצלונג איז גאָר פאַראַן אויך אַן אמתער עכטער ליריזם. איך האָב, למשל, קיינמאָל נישט גע־קענט באַגרייפן, ווי האָט גראָד געקאָנט דער שריפטשטעלער אונז געבן אַזאַ קאַבינעט־שטיקל, ווי דעם שטרייק פון די אָרעמעלייט אָדער צוואנציק אַנדערע אַזעלכע זאַכן. נישט אַנ־

דערש, די קראַפט פונם נאַטורטאַלענט ליגט אַ סך טיפער, ווי מיר גלויבן!

נאַטירלעך, דער ספּעקטאָר פון היינט איז שוין נישט מער דער, וואָס אַמאָל. אַ דרייסיקיאָריקע טעטיקייט ביים שרייב־טיש האָט אַליין שוין אים געגעבן אַ ליטעראַרישע קולטור און אַ שליף. ער האָט אַ ליטעראַרישע באַוואוסטזיניקייט באַקומען — און אפשר נישט צו זיין גוטן. ער האָט זיך בינתים אויסגע־לערנט אויף דאָס „מאַכן". ער ווייסט, למשל, אַז ביים שרייבן אַ דערציילונג, האָט ער אַ געוויסע פליכט אונז צו געבן אַמאָל אויך עפּעס אַ נאַטורשילדערונג, אַ זונאויפגאַנג, אָדער אַ פעלד־בילד — און דאָס שטערט אַמאָל זייער דעם נאַטירלעכן גאַנג פון זיין איינפאַכער מעשה. אָפּט אָבער באַגעגנען מיר ביי אים אויך היינט נאָך אַזאַ נאַטורשילדערונג פונם צווייטן ספּעקטאָרן, פונם פּאַרצייטיקן, וועלכער איז אַזוי אומבאַוואוסט און אַזוי נאַטירלעך, אַז מיר דערפילן ביי אים תוך־כדי־רגע דעם נאַטור־טאַלענט אָן אַפּזיכט. באַזונדערס שטערנד איז ער דעמאָלט, ווען ער מיינט, אַז ער איז נישט יוצא, ווען ער וועט אונז נישט אָנגעבן אויך אַ ביסל בקיאות מיט ידיעות און נעמען מיט ווערטער און שטיקלעך מיט לייטן גלייך. אַ מענטש, וועל־כער קאָן אָנשרייבן אַ זאַך, ווי „אַליין", באַדאַרף נישט ערשט אַזעלכע מיטלען.

„אַליין" איז אפשר די שטאַרקסטע זאַך, וועלכע איך קען פון ספּעקטאָרן. און נישט נאָר פאַר ספּעקטאָרן איז דידאָזיקע זאַך שטאַרק. איך האָב ביז היינט אומצייליקע שילדערונגען שוין געלייענט פונם געפּענגעניש־לעבן און שעם מיך גאָרנישט מודה צו זיין, אַז קיין איינציקע האָט נישט געמאַכט אויף מיר אַזאַ טיפן איינדרוק, ווי דידאָזיקע. איך האָב ביים ענדיקן לייענען באַדויערט, וואָס דער פאַרפאַסער האָט נישט פאָרטגע־זעצט זיין אַרבעט און האָט זי אָפּגעבראָכן אינדערמיט. דידאָ־זיקע זאַך אַליין האָט געקאָנט ווערן אַ הערלעך בוך.

נישט פון קיין פיל קלענערן ווערט איז „אַ רעגן״ — אַ פּראָסטע מעשה, ווי אַ גאַנצע שטאָט, אַלט און יונג, און ווייבער און קינדער, און יידן און גויים וואַרטן אויף רעגן — און דער רעגן קומט נישט. עס איז איינע פון יענע ספּעקטאָרס מעשיות, ביי וועלכע איך שטיי, ווי פאַר אַ רעטעניש. מען פאַרשטייט פּשוט נישט, ווי קומען דידאָזיקע נאַטורטאַלענטן צו אַזעלכע טעמעס און צו אַזאַ באַאַרבעטונג.

שוואַכער אַ סך איז „די שטוב״. זי האָט אַלע מעלות און אַלע חסרונות פון ספּעקטאָרן. די מעשה פון אַ נחלה, אַ שטוב, וואָס אַ ייד אין קליינעם שטעטל האָט, און זי ווערט דער אינהאַלט פון אַ גאַנץ לעבן. עס איז קלאָר, אַז דער פאַר־פאַסער האָט זיין זאַך געזען און האָט זי געפילט; ער האָט אָבער נישט אַזויפיל קראַפט געהאַט, ער זאָל אונז דאָס גע־זעענע און דאָס געפילטע איבערגעבן. עס איז אַרויסגעקומען אַ ביסל צו זייער פּראָטאָקאָלאַריש.

פון אַן ענלעכן ווערט איז אויך די מעשה „דער פעטער״.

אַרום און אַרום איז „טאָג און נאַכט״ איינס פון די בעסטע יידישע ביכלעך, וועלכע זענען מיר געקומען די לעצטע צייט אין די הענט אַריין. אַרום און אַרום איז עס איינס פון די בעסטע זאַכן, וועלכע מ. ספּעקטאָר האָט אונז געגעבן.

# מרדכי ספעקטאָר.

## ראובן ברייני̇ן.

פרילינג, אין יאָר 1905, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט דעם פאַרשטאָרבענעם מרדכי ספעקטאָר.

איך האָב דאַן געלעבט אין בערלין. ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע אויף אַ קורצער צייט מחמת געוויסע ליטעראַרישע אנגעלעגנהייטן, איז ספעקטאָר געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן מיך באַזוכט אין האָטעל. דאָס איז געווען מיין ערשטער באַזוך אין רוסלאַנד נאָך פופצן יאָר אָפּוועזנקייט.

די העברעיש-ליטעראַרישע וועלט פון וואַרשע איז מיר געווען גוט באַקאַנט פון פריער. די יידיש-ליטעראַרישע וועלט פון וואַרשע איז מיר אָבער צו יענער צייט געווען נאָך גאַנץ פרעמד און ניי. און צום ערשטן מאָל איז מיר דאַן אויסגעקומען זי צו שטודירן.

איך האָב זיך דאַן באַקענט מיט די יונגע, ווי שלום אַש און נאָמבערג, און אויך די עלטערע פון דער אויפשפּראָצנדיקער יידישער ליטעראַטור. לעבנדיק אַ לענגערע צייט אין מערב-אייראָפּע, האָב איך גאָרנישט געמערקט, אַז עס וואַקסט אויף באמת אַ יידישע ליטעראַטור, וועלכע פאַרדינט ערנסט גענומען צו ווערן.

עס איז געווען פאַר מיר אַן איבעררעשונג, ווען איך האָב אויסגעפונען יונגע יידישע דיכטער און נאָוועליסטן, וואָס

טראָגן זיך אַרום מיט גרויסע ליטעראַרישע חלומות, באַגייסטערטע פֿאַנטאַזירער און פֿאַרליבטע אינם יידישן וואָרט.

אין דער צייט, ווען איך האָב פֿאַרלאָזט רוסלאַנד, אין יאָר 1890, איז נאָך דער מין נישט געווען.

* * *

אין איינעם אַ פֿאַרמיטאָג איז צו מיר געקומען ספעקטאָר אין האָטעל און האָט מיך מיט געוואָלט אַרויסגעריסן פֿון אַ אַ קאָכנדיקער, ברויזנדיקער יונגער חברה העברעישע און יידישע דיכטער און שריפטשטעלער — איך מוז פֿאָרן צו אים צו מיטאָג. די גאַסטפֿריינטלעכקייט פֿון ספעקטאָרן און זיין פֿרוי האָבן אַלץ איבערגעשטיגן.

ספעקטאָר האָט געשטראַלט מיט געזונטקייט, פֿריינטלעכקייט און גוטמוטיקייט.ביים עסן איז ער געקומען אין אַ באַגייסטערטער שטימונג. ער האָט אָפּגעזאָגט דעם גרויסן הלל אויף יעדן געריכט, וואָס מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש.

ער איז געווען אַ גרויסער בקי און אַ מבין אין אַזעלכע ענינים.

נאָכן עסן האָט ספעקטאָר סערווירט ליטעראַטור. צו יענער צייט האָב איך נאָך זייער ווייניק געלייענט פֿון זיינע גרעסערע זאַכן, נאָר דאָס, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער יידישער וואָכנשריפֿט „דער יוד״, וואו מיר זענען ביידע געווען מיטאַרבעטער. זיין סקיצע „ברילן״, וואָס איז געווען געדרוקט אין „יוד״ האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק, אַז נאָר אַן אמתער טאַלענט האָט עס געקאָנט שאַפֿן.

אין אַ לאַנגער אונטערהאַלטונג האָט מיר ספּעקטאָר דער־צײלט דעם אינהאַלט פון זײנע גרױסע ראָמאַנען, װאָס זענען שוין געװען געדרוקט מיט יאָרן צוריק, און דעם אינהאַלט פון ראָמאַנען און נאָװעלן, װעלכע ער װיל ערשט שרײבן. זײנע פאַנטאַסטישע דערצײלונגען האָט ער איבערגעריסן מיט פּאַ־סירונגען און איבערלעבונגען פון דער װירקלעכער װעלט, פון זײן אײגענעם לעבן.

ספּעקטאָר איז געװען מער מײסטער מיט דער פּעדער, װי מיט דער צונג. דאָך האָבן מיך זײנע מינדלעכע שילדע־רונגען זײער פאַראינטערעסירט. אָט דער אַזױ גערופענער „רעאַליסט" איז אײגנטלעך געװען פול מיט פאַנטאַזיעס און ראָמאַנטיק; זײנע געזונטע און פרישע חושים האָבן אים אָבער געהאַלטן נאָענט צום װירקלעכן לעבן. אַלץ און אַלעמען האָט ער ליב געהאַט, און פון אַלץ איז ער באַגײסטערט געװאָרן.

• •
•

בײ דעם ערשטן באַזוך בײ ספּעקטאָרן איז מיר געװען אַ פאַרגעניגן אים צו הערן. איך האָב פריער געלעבט צענד־ליקער יאָרן אין אַ קרײז פון ראַפינירטע, איבערגעשפּיצטע, איבערגעקליגלטע און קולטורזאַטע שריפטשטעלער און קינסט־לער, װאָס האַלטן זיך שטענדיק אין אײן גריבלען, אין אײן פּסיכאָלאָגיזירן. די מײסטע פון זײ זענען מענטשן מיט גע־רײצטע, איבערגעשפּאַנטע נערװן, מיט קרענקלעכע עמפּינדונ־גען, מיט אַ הײסן הונגער נאָך אנערקענונג און פּאָפּולאַריטעט, מיט משונהדיקע קאַפּריזן און אַמביציעס.

קומענדיק פון אַזעלכע קרײזן, האָב איך געקװאָלן צו זען

פאַר מיר אַ יידישן טאַלענטירטן דערציילער און שילדערער, וואָס איז פאַרבליבן לעבנסלאַנג פּרימיטיוו, מיט אַ גאַנצער, געזונטער נשמה, אָן אינערלעכע ריסן און שפּאַלטונגען, אַ יידישן ראָמאַניסט, אַ פאַלקסמענטש, וואָס האָט פון אַלץ הנאה, טראָגט צו קיינעם נישט קיין שנאה און קיין קנאה, וועלכער איז אַן אויפריכטיקער שמח בחלקו.

איך האָב געזען פאַר זיך אַ טאַלענטירטן שרייבער, אָן שפּיציקייטן און עקיקייטן. אַלץ זעט ער מיט זיינע אייגענע אויגן און אַלץ שעפּט ער פון לעבנסקוואַל אַליין, און שעפּט מיט חשק און אומדערמידלעך. ער האָט ליב גאָטס וועלט אַזוי ווי ער האָט זי באַשאַפן, און האָט ליב זי צו באַשרייבן קויט זיין נאַטירלעכן טאַלענט, נישט דראַפּענדיק זיך אויף גלייכע ווענט, נישט וועלנדיק שפּרינגען העכער פון זיין קאָפּ.

אָט דער „ערדמענטש" האָט זיך פאַר מיר צעגאָסן אויך אין קינדערשע פאַנטאַזיעס. מיט אייגענע פּרימיטיווע כוחות האָט ער געשטרעבט צו העכערס, צו פיינערס אין זיין שאַפן.



אין חודש מערץ 1907 האָט מיך דער „הזמיר" אין וואַרשע (דער פאָרזיצער פונם „הזמיר" אין וואַרשע איז דאַן געווען דר. י. גרינבוים, דער איצטיקער סיים-דעפּוטאַט און ציוניסטישער פירער) איינגעלאַדן צו האַלטן פיר פאָרלעזונגען איבער ליטעראַטור, צוויי אין העברעיש און צוויי אין יידיש. אָנקומענדיק פון בערלין קיין וואַרשע, האָב איך געטראָפן ספּעקטאָרן אַלס רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג

„אונזער לעבן", וואָס האָט אָנגעהייבן צו דערשיינען מיט צוויי חדשים פריער, איידער איך בין געקומען.

פאַר דעם, ווי די צייטונג האָט נאָך אָנגעהייבן צו דער־שיינען, איז דער אַרויסגעבער, שאול האָכבערג, געקומען קיין בערלין צו שליסן מיט מיר און מיט שלום־עליכמען (וואָס האָט צו יענער צייט זיך אויפגעהאַלטן אין בערלין) קאָנטראַקטן אַלס שטענדיקע מיטאַרבעטער אין „אונזער לעבן".

די טעגלעכע העברעישע צייטונג אין ווארשע „הצופה" האָט זיך שוין אינגאַנצן אָפּגעשטעלט נאָך אַ פינפיאָריקער עקזיסטענץ, און אויך די „הצפירה" פון סאָקאָלאָוו האָט אויף אַ געוויסער צייט אויפגעהערט צו דערשיינען.

עס איז דאָן קיין אַנדער מעגלעכקייט נישט געווען צו רעדן טעגלעך צום גרעסערן יידישן עולם אין רוסלאַנד, ווי פון די שפאַלטן פון די יידישע טעגלעכע צייטונגען (דריי האָבן זיי דאָן עקזיסטירט אין גאַנץ רוסלאַנד און פוילן: אין פעטער־בורג — „דער פריינד" און אין ווארשע — „דער היינט" און „אונזער לעבן").

נאָך זיצנדיק אין בערלין, בין איך געוואָרן דער הויפּט־מיטאַרבעטער פונם „אונזער לעבן". קומענדיק קיין ווארשע צוליב די פאַרלעזונגען, בין איך דאָרט פאַרבליבן אַ פּאָר חדשים, און צוליב מיין אַרבעט פאַרן „אונזער לעבן" בין איך געקומען אין נאָענטע באַציונגען מיט ספּעקטאָרן, וועלכער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, און דאָ האָב איך געהאַט אַ סך געלעגנהייטן אים מער צו דערקענען אַלס מענטש און אַלס שרייבער.

אין דער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ווארשע, איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקע שפּאַלטונג צווישן ספּעקטאָרן און האָכבערגן. זיי ביידע האָבן געגרינדעט דעם „אונזער לעבן", ביידע האָבן געבראַכט שווערע קרבנות פאַר דער צייטונג. און ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צייטונג ווערט איצט שטאַרק געלייענט און האָט נאָך בעסערע אויסזיכטן אין דער

צוקונפט, האָט האָכבערג, אַ ייד אַ סוחר, געזוכט צו ווערן דער אַלײניקער און אײנציקער באַלעבאָס פונם „אונזער לעבן" און פּטור ווערן פון ספּעקטאָרן, זײן לאַנגיאָריקן פרײנט, דעם מיטגרינדער פון דער צײטונג.

די סכסוכים און צוזאַמענשטויסונגען צווישן אַט די צוויי גרינדער פון דער צײטונג האָבן זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג, און די צײטונג האָט דערפון געליטן.

ווען אַט די מאַכינאַציעס פון האָכבערגס זײט האָבן דער־גרייכט צו דעם העכסטן פונקט, האָבן בײדע צדדים מיך אויס־געקליבן אַלס בורר אין דעם פּלאָנטער.

איך האָב די בוררשאַפט תחילת נישט געוואָלט אָננעמען, אָבער בײדע צדדים האָבן זיך געוואָלט פאַרלאָזן נאָר אויף מיר, נישט וועלנדיק אַרײנמישן אין די אינערלעכע אנגעלעגנ־הייטן זײטיקע מענטשן.

בײדע צדדים האָבן זיך אונטערגעשריבן, אַז זיי וועלן אָננעמען אָן טענות און מענות מײן אַנטשיידונג.

פינף אָוונטן האָב איך געמוזט אויסהערן די טענות פון בײדע צדדים, און דאַן ערשט האָב איך געזען די ערלעכקייט פון ספּעקטאָרן, זײן אויפריכטיקע ליבע און איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער ליטעראַטור. פאַר מיר זענען אַרויסגעשוואומען די נאַקעטע און אינטימע אינטערעסן פון ספּעקטאָרס לעבן, און עס איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אַט דער „רעאַליסט" און „ערדמענטש" איז, אין גרונט גענומען, אַן אידעאַליסט און אַ פאַנטאַסט. אין פּראַקטישן לעבן האָט ער נישט געטויגט. די אינטערעסן פון דער יידישער ליטעראַטור זענען בײ אים גע־שטאַנען העכער, ווי אַלע פּראַקטישע נוצלעכקייטן.

צוויי יאָר איז מרדכי ספּעקטאָר פאַרבליבן דער רע־דאַקטאָר פונם „אונזער לעבן".

* *

איך געפין אין מיין העברעישן טאָגבוך פאָלגנדיקע פאַר־
צייכענונג :

„וואַרשע, 6־טן מאַי 1908.

„נעכטן אינאָוונט האָב איך פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה מיטן יידישן שריפטשטעלער מרדכי ספעקטאָר אין קאַפעהויז „אַק־וואַריום”. מיר זענען דאָרט געזעסן פון האַלבער נאַכט ביז צוויי.

„צווישן אַנדערן האָט מיר ספעקטאָר געזאָגט, ווי דרך־אגב, פאַרבייגייענדיק, ווי נישט וויכטיקס, אַז אים איז געוואָרן פופציק יאָר. ער האָט דאָס פאַרשוויגן אַפילו פון זיינע נאָענטע פריינט. און מיר ביידע האָבן געפייערט דעם יובילײ מיט דעם, וואָס יעדער פון אונז האָט געטרונקען אַ גלאָז שוואַרצע קאַווע.

„ספעקטאָר האָט זיך יענעם מאָל געפונען אין אַ זייער ערנסטער און טרויעריקער שטימונג. ער האָט אָפט אָפּגעהאַקט זיין שמועס און זיך פאַרטראַכט, שווייגנדיקערהייט. זיך אויפ־כאַפנדיק פון זיין פאַרטראַכטקייט, האָט ער אויסגערופן :

„הגם איך בין שוין היינט אַלט געוואָרן פופציק יאָר, וועל איך פונדעסטוועגן איצט אָנהייבן צו שאַפן גאַנץ נייע זאַכן. אין קאָפּ באַמבלען זיך ביי מיר אומצייליקע טעמעס, נפשות, סיטואַציעס, און אַלע בעטן זיי זיך ביי מיר : דערצייל וועגן אונז, שילדער אונז, גיב אונז לעבן און נשמה ! די וועלט איז איצט אַ גאַנץ אַנדערע און די מענטשן גאַנץ אַנדערע און אויך די לעבנסבאַדינגונגען גאַנץ אַנדערע. יאָ, אויך די היינטיקע לעזער פון יידיש זענען גאַנץ אַנדערע, ווי אין דער צייט, ווען איך האָב אָנגעהייבן צו שרייבן, און די נייע וועלט בעט זיך רחמים : באַשרייב מיך !”

„ווען דער זייגער האָט געשלאָגן צוויי, האָבן מיר פאַר־לאָזן די לוסטיקע געזעלשאַפט אין „אַקוואַריום” און ער האָט

מיך צופוס באַגלייט צו מיין האָטעל. עס איז געווען אַ וואונ-דערשיינע נאַכט. מיר האָבן אַרומגעשפּאַצירט אין די הויפּט-גאַסן פון ווארשע מער ווי אַ שעה. זיין נשמה האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט מיט אירע באַהאַלטענע חלומות — די חלומות פון אַ שאַפער. איך האָב זיך געמוזט איבערצייגן, אַז ספּעקטאָר באַזיצט, חוץ זיין אויסערלעכער רואיקייט, הייטערקייט און צעפרידנקייט, אויך אַן אומרואיקע נשמה.

קאָן דען אַנדערש זיין אַ שעפערישע נאַטור

אין יאָר 1908 איז ספּעקטאָר געקומען קיין בערלין. צום ערשטן מאָל האָט ער געמאַכט אַ נסיעה קיין אויסלאַנד. ער ער איז געקומען קיין בערלין צו טרעפן זיך מיט זיין שוואָגער דוד פּינסקי, וואָס האָט דאַן געמאַכט אַן אייראָפּעישע נסיעה.

ספּעקטאָר האָט מיך באַזוכט אין מיין וואוינונג, און ער איז געווען פול באַגייסטערונג פון אַלץ, וואָס ער האָט געזען אין בערלין. ער האָט אָבער נישט געקאָנט מוחל זיין די דייטשן, וואָס זיי רעדן אַ פאַרפלוכטן דייטש און נישט אַ מענטשלעכן יידיש...

# ספּעקטאָר דער מענטש.

## ב. גאָרין.

געקומען איז מען צו מרדכי ספּעקטאָר דעם שרייבער, דעם רעדאַקטאָר, דעם אַרויסגעבער און געפונען אין אים האָט מען דעם מענטשן. עס איז נישט אומזיסט, וואָס יעדער, וואָס האָט וועגן אים איצט געשריבן, האָט שטאַרק באַטאָנט, וואָס פאַר אַ טייערן מענטשן מיר האָבן אין אים פאַרלוירן.

ער איז נישט געווען סענטימענטאַל, ווי אַ שטייגער דינעזאָן. ער האָט פאַרמאָגט אַזאַ פּשטות, אַזאַ גוט-חברשאַפט, אַז ער האָט גלייך געוואונען אייער האַרץ. ער איז געווען דורך און דורך אַ האַרציקער מענטש. און אַזוי איז ער געווען און געבליבן זיין גאַנץ לעבן.

מען זאָגט געוויינלעך, אַז יעדער שוסטער איז מקנא דעם שניידער, דאָס הייסט, אַז קיינער איז מיט זיין פּראָפעסיע נישט צופרידן און יעדן שיינט, אַז דעם צווייטנס איז אַ בעסערע. דאָס איז אָבער נישט געווען דער פאַל מיט מרדכי ספּעקטאָר. ער האָט באמת ליב געהאַט שרייבעריי און האָט ממש אָנגעקוואָלן, וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַ שרייבער ביי יידן, הגם ער האָט געהאַט אויסצושטיין קאַלט און וואַרעם, און ער האָט זיך אָפט אָנגעשטויסן אויף דער

גראָבער אומדאַנקבאַרקייט, וואָס יעדער שרייבער האָט צו דערוואַרטן.

און אַזוי האָט ער אויך ליב געהאַט שרייבער, און די־דאָזיקע ליבשאַפט האָט זיך אַמבעסטן אַרויסגעוויזן אין זיין פאַרהאַלטן זיך מיט אָנפאַנגער.

מרדכי ספעקטאָר איז געווען מיין ערשטער רעדאַקטאָר. איך האָב אים צוגעשיקט אין סוף פון די אַכציקסטע יאָרן די ערשטע פּאָר זאַכן, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. ער האָט זיך דעמאָלט געקליבן אַרויסצוגעבן אַ נייעם באַנד פון זיין „הויז־פריינד".

איך בין געווען נאָך אַן אָנפאַנגער. באַלד נאָכדעם בין איך געווען אין ווארשע און איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט צו מאַכן אים אַ וויזיט.

ער האָט דעמאָלט געוואוינט מיט זיין געוועזענעם שווער פרידבערג (הר־שלום) אין אַ שיינער גערוימער דירה. ער האָט מיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן און איז אַרויסגעקומען מיטן האַרציקסטן שלום־עליכם. עס האָט אויסגעזען, אַז איך האָב אים פּשוט געטאָן אַ טובה, וואָס איך האָב אים אַ וויזיט געמאַכט.

ער איז געוואָרן גלייך צוטרוילעך, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך שוין געקאָנט יאָרנלאַנג און איידער אַ פינף מינוט זענען אַריבער, זענען מיר שוין געווען אַלטע חברים.

ער האָט מיר באַלד דערציילט, אַז ער וועט אינגיכן צוריקפאָרן אין פּעטערבורג איבערצונעמען דעם „פאָלקס־בלאַט" און האָט מיר שוין פאָרגעשלאָגן אַ שטעלע אין דער צייטונג, וואָס ער וועט איבערנעמען.

איך האָב זיך גלייך דערשראָקן פאַר דער גרויסער פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט און איך האָב אים דערקלערט, אַז איך בין נישט קיין געניטער אין אַ רעדאַקציע. אָבער ער האָט מיר דערוויזן מיט אַלע ראיות, אַז איך בין דער פּאַסיקער מענטש, וואָס ער דאַרף האָבן און האָט דורכאויס געפאָדערט, איך זאָל

אים איבערלאָזן אַ שטענדיקן אַדרעס, און אַזוי גיך ווי ער ווערט רעדאַקטאָר פון „פאָלקס-בלאַט", שרייבט ער מיר אַ בריוו, אַז איך זאָל קומען קיין פּעטערבורג.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געווען אַ דערקלערונג אין „פאָלקס-בלאַט", אַז מרדכי ספּעקטאָר וועט איבערנעמען די צייטונג, אָבער דערפון איז גאָרנישט געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אויך גאָרנישט געוואָרן פון מיין רייזע קיין פּעטערבורג.

ווען איך האָב אים באַגעגנט דאָס צווייטע מאָל, איז שוין געשען אַ גרויסע ענדערונג אין זיין לעבן. ער האָט איבערגעלעבט עטלעכע ביטערע יאָרן, אַ שטילע טראַגעדיע.

אויף זיין יונגן מונטערן פּנים, וואָס האָט פריער אויסגעדריקט גלויבן אין זיך און אין דער וועלט, האָט זיך איצט באַוויזן אַן אויסדרוק פון אַנטוישונג, געמישט מיט אומעט. אין די פּאָר יאָר האָט ער זיך געעלטערט אויף פיינע עטלעכע יאָר. אָבער ער האָט זיך נאָר געדאַרפט צערעדן — און ער איז ווידער געוואָרן דער מונטערער, צוטרויליכער, האַרציקער ספּעקטאָר.

אין דער צייט, ווען איך האָב אים צום צווייטן מאָל באַגעגנט, איז שוין מער קיין יידישע צייטונג נישט געווען. ספּעקטאָר האָט נאָך אַלץ געדאַרפט אַרויסגעבן דעם „הויז-פריינד". שלום-עליכם האָט נאָך די ערשטע צוויי בענדער „פאָלקס-ביבליאָטעק" אַרויסגעוויזן אַ מידקייט און עס איז שוין געווען פאַר אַלעמען קלאָר, אַז קיין דריטער וועט שוין מער נישט דערשיינען.

י. ל. פּרץ האָט געהאַלטן אין צוזאַמענשטעלן דעם צווייטן באַנד פון זיין „יודישער ביבליאָטעק". אַ חוץ זיי זענען אין וואַרשע, אָדעס און ווילנע געווען צענדליקער שרייבער, וואָס האָבן געמאַכט אַלערליי הכנות אַרויסצוגעבן זאַמלביכער אָדער עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל האָבן אַ פּעריאָדישן כאַראַקטער.

ספּעקטאָר האָט זייער ווייניק אמונה געהאַט אין דידאָזיקע שרייבער.

„כאַפּט אָן אויף די נאַלעוווקיס ווען איר ווילט פון די דאָזיקע טומלער, וועט ער אייך ווייזן, אַז ער האָט אַלץ, וואָס איז נייטיק פאַר אַן אויסגאַבע, און אַז ער האָט שוין אַלץ אָרגאַניזירט, ווי עס באַדאַרף צו זיין. דאָס הייסט, ער האָט די נייטיקע אַרטיקלען, האָט שוין גערעדט מיט אַ דרוקער און האָט שוין אפילו אויסגעחשבונט, וויפל עקזעמפּליאַרן עס וועלן זיך פאַרקויפן און וואָס די הכנסה וועט זיין. נאָר אַז איר פרעגט אים, צי האָט ער די נייטיקע סומע געלט, וועט ער אייך אָנקוקן פאַרוואונדערט. געלט איז די לעצטע זאַך אין דער וועלט, וועגן וואָס ער טראַכט".

ספעקטאָר איז געווען דער פּראַקטישסטער פון אַלע שרייבער.

ער האָט נישט נאָר געוואוסט, ווי אַזוי דאָס בוך ווערט געשאַפן, נאָר אויך וואָס עס ווערט פון אים, ווען עס קומט אַרויס פון דעם דרוקער. און דעריבער האָט ער מער, ווי אַלע אַנדערע, געהאַט דערפאָלג מיט זיינע אויסגאַבן.

ער, ווי אַלע אַנדערע רעדאַקטאָרן, האָט גרינג געקאָנט מאַכן אַ טעות וועגן אַן אָנפאַנגער און נישט ריכטיק אים אָפּשאַצן. און ער האָט מיט דערזעלביקער אָפנהאַרציקייט דערציילט וועגן זיינע טעותים, ווי וועגן זיין גוטן חוש צו אַנטדעקן אַ טאַלאַנט.

אַזוי האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ דערציילונג אָדער סקיצע, וואָס שלום-עליכם האָט אים צוגעשיקט, ווען ער איז געווען רעדאַקטאָר פון „פאָלקס-בלאַט".

דאָס איז, וואַרשיינלעך, געווען פון די סאַמע ערשטע זאַכן, וואָס שלום-עליכם האָט אָנגעשריבן. ווען ספעקטאָר האָט דעם מאַנוסקריפּט אָנגעהייבן צו לייענען, איז דער איינדרוק געווען נישט קיין גוטער און ער האָט נישט געהאַט קיין גע-דולד איבערצולייענען עס ביזן סוף. האָט ער דעם מאַנוסקריפּט אַוועקגעשאַרט צו דער קופּקע פאַרבראַקירטע כתבים, וועלכע האָבן צוזאַמען געדאַרפט גיין אין קאָרב. אין דער צייט איז

אין דער רעדאַקציע אָנגעקומען דער יונגער צעדערבוים, און נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט ער אַריינגעקוקט אין די פאַרבראַקירטע כּתבים. שלום-עליכמס דערציילונג האָט אים פאַראינטערעסירט און ער האָט זי איבערגעלייענט ביזן סוף.

„פאַרוואָס האָט איר דידאָזיקע דערציילונג פאַרבראַקירט?" האָט דער יונגער צעדערבוים געפרעגט. „דער שרייבער ווייזט אַרויס טאַלענט."

ספּעקטאָר האָט איצט דעם מאַנוסקריפּט איבערגעלייענט ביזן סוף און האָט תּיכּף זיין מיינונג געביטן.

און פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהייבן די חברשאַפט צווישן שלום-עליכמען און ספּעקטאָרן, אַ חברשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן זייער גאַנץ לעבן.

ער האָט געהאַט דעם חוש נישט נאָר פון אַ רעדאַקטאָר, נאָר אויך פון אַן אַרויסגעבער.

ביי מיין צווייטן ווידערטרעפן זיך מיט אים איז ער געווען אין דער בחינה פון אַ יורד. ער האָט געוואוינט אין שכנות און פאַרנומען אַ קליינע אָרעמע קאַמער. נאָר אַלע האָבן געוואוסט, אַז פון דער קאַמער וועט אַריינגעבראַכט ווערן לעבן אין די אַלטע און נייע אויסגאַבן.

אַלע זענען געווען זיכער, אַז ער וועט מיט פאַרלייגטע הענט נישט בלייבן זיצן, און ער וועט גיך ווערן טעטיק אַלס אַרויסגעבער.

אין דער קליינער קאַמער, וואו איך בין געווען אַן אָפטער באַזוכער, פלעג איך טרעפן אַלערליי מענטשן: יונגע שרייבער, עלטערע גרויסע מוכרי-ספרימניקעס, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט אויך פאַרגונען אַרויסצוגעבן ביכער, און סתּם געשעפט-לייט, אָדער דער גוטער יאָר ווייסט זיי, ווער זיי זענען געווען.

ער איז געווען אַ מעורב עם הבריות. פאַר אים איז געווען נייטיק צו קומען אין באַרירונג מיט אַלערליי מענטשן, נאָר אין דערזעלבער צייט איז געווען צו זען אַז עס ווערן

שוין געמאַכט די נייטיקע הכנות פאַר אַ מער שטענדיקן און מער זיכערן פאַרלאַג.

ספעקטאָר האָט קיינמאָל נישט געפּראַוועט קיין גדלות נישט מיט זיין האַלטונג, נישט מיט זיין קליידונג און אפילו מיט זיינע האָר.

זיינע האָר זענען תּמיד געווען זייער קורץ געשוירן, גאָרנישט ווי עס איז דער מנהג געווען צווישן שרייבער מיט אַ דור צוריק.

ער איז געווען אַ שרייבער דורך און דורך, אָבער ער האָט עס אין גאַס נישט אַרויסגעטראָגן, זיין האַלטונג איז געווען די סאַמע איינפאַכע, ווי עס האַלט זיך געוויינלעך אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר.

איך האָב אים געזען אין דער צייט פון זיין העכסטער גדולה, ווען זיין נאָמען האָט געהאַלטן אין שטייגן און וואַקסן און ער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג; און איך האָב אים אויך געזען באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט איבערגעלעבט גרויסע אַנטוישונגען, און איןביידע צייטן איז ער געווען דער גוטער, הארציקער, אויפריכטיקער ספעקטאָר.

דער גרויסער דערפאָלג האָט אים דעם קאָפּ נישט פאַר־דרייט און גרויסע צרות האָבן אים נישט ביטער געמאַכט.

מיט מרדכי ספעקטאָרן איז פון אונדז אַוועק איינער פון די שענסטע טיפּן פון דער יידישער ליטעראַטור.

# ספעקטאָר אין אַמעריקע.

## א. ר י י ז ע ן.

### I

... עס זענען דאָ נעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט די שענסטע טעג פון דער קינדהייט און יוגנט, נעמען, וואָס רופן אַרויס די ליכטיקסטע ערינערונגען.

מען דערמאָנט זיך, אַז אַמאָל, אַמאָל האָט מען זיך געקוויקט מיט א ראָמאַן, וואָס האָט געהייסן „דער יידישער מוזשיק”. עס איז געווען אַ ראָמאַן אין גאַנצע פיר טיילן, אָבער מען האָט אים איינגעשלונגען אין איין וואָך... עס שטייען אויף תחית-המתים די העלדן פון ראָמאַן: רחלע (אַי, איז זי שיין געווען!), סאָלאָמאָן, אָט דער שיינער סאָלאָמאָן, וואָס האָט אַזוי ווייניק „געהאַנדלט” אין ראָמאַן, אָבער מען האָט אים אַזוי שטארק ליב געקראָגן.

היינט-זשע דער ראָמאַן „עניים ואביונים”, וואָס אַ סך פאַרבייטן עס מיט „הנאהבים והנעימים”! אָט די ליכטיקע געשטאַלט פון דער געפאַלענער לאהן, וואָס האָט אין יענע יאָרן געוועקט די טיפסטע געפיהלן צו געפאַלענע בכלל; היינט דער שפּעטערדיקער ראָמאַן, וואָס מיר האָבן שוין געלעזן אין די „הויז-פריינדס”: „יידישע סטודענטן און יידישע טעכטער”, אַ ראָמאַן, וואָס קיין איין יידישער קריטיקער האָט אים נישט דערמאָנט און וועלכער האָט געמאַכט אַזאַ שטורעם ביי די

לעזער (אפשר טאַקע דערפֿאַר, ווייל די קריטיקער האָבן אים נישט דערמאָנט)...

אָפּרוּענדיק זיך אַ ביסל נאָך די אָפּיציעלע באַזוכן אין די יידישע טעגלעכע צייטונגען, האָט מרדכי ספּעקטאָר באַזוכט די רעדאַקציע פֿון דעם „גרויסן קונדס".

דאָ, אין „גרויסן קונדס", האָט ספּעקטאָר זיך דערפֿילט רעדעוודיקער, ווי שטענדיק. די בחורים זענען אים, קענטיק, געפֿעלן געוואָרן.

וואָרים וויסן דאַרף מען, אַז מרדכי ספּעקטאָר איז נישט נאָר דער ערשטער יידישער גרויסער ראָמאַניסט, נאָר אויך פֿון די ערשטע יידישע קינסטלער, וואָס האָבן אַ פֿיינעם חוש פֿאַר הומאָר.

ווער געדענקט נישט זיינע הומאָריסטישע מעשהלעך „דער פֿעטער", „דער שטרייק פֿון די קבצנים"? היינט יענעם טיפּ-גראַפֿאָמאַן „פּיניע טינטלער", וועלכן ער האָט אַזוי קינסט־לעריש פֿאַרגעשטעלט אין זיין עפּאָפּעע „ר' טרייטל" און וועל־כער לעבט נאָך אין פֿאַרשידענע גילגולים אַפֿילו דאָ אין אַמעריקע?

טרעפֿנדיק אים אין רעדאַקציע פֿון „גרויסן קונדס", האָב איך דערקענט דעם אַלטן שטענדיק-יונגן קינסטלער... קיין איין קנייטשל אויפֿן ראָזעווען פּנים. היינט די שוואַרצע פֿייערדיקע אויגן און דער ליבער שמייכל, די גוטמוטיקייט און די ליבע צו אַלע, וואָס רינגלען אים אַרום, די באַגייסטערונג, די התפּעלות!

ווי אַן אמתער אָנפֿאַנגער!..

אמת, ער האָט זיך טאַקע אויסגעדריקט, אַז ער הייבט איצט אָן אויף דאָסניי. ער האָט דאָ גרויסע פּלענער, און ווי עס קוקט אויס, וועט ער זיי גיכער אויספֿירן, ווי די היגע „יונגע" זייערע... ער איז נאָך פֿול מיט קראַפֿט און פֿול מיט גלויבן אין זיך און אין אַנדערע.

דער עיקר מעלה — וואָס ער גלויבט אויך אין אַנדערע, ווייל די מעלה צו גלויבן אין **זיך** האָבן מיר דאָ אַלע...

איך האָב אים נישט געוואָלט צופיל פּייניקן מיט פראַגן. ווייל אייניקע פּראָפעסיאָנעלע אינטערוויואירער האָבן אים שוין נישט געשוינט.

דערפאַר האָב איך זיך געהאַלטן ווי ווייט מעגלעך קורץ.

אויף דער ערשטער שאַבלאָן-פראַגע, וואָס מען מוז זי אָבער אַ גרויסן גאַסט שטענדיק פרעגן, צי איר ווילט, צי איר ווילט נישט—אַלזוי, אויף דער ערשטער פראַגע:

„ווי געפעלט אייך ניו-יאָרק?"—האָט ער געענטפערט מיט אַ משל:

„איך האָב אַמאָל געהאַט אַ מומע, אַ גרויסע בעל-משפּחהטע. אין פאַרשידענע שטעט האָט זי געהאַט ברידער און שוועסטער, שוועסטערקינדער, פעטערס, מומעס. אַ באַטור איז זי געוועזן אַ הייסע, אַלעמען געוואָלט זען, מיט אַלעמען געוואָלט רעדן. נאָר גיי פאָר אין יעדער שטאָט! האָט זי שטענדיק גאָט געבעטן, אַז ער זאָל פון אַלע שטעט מאַכן איין שטאָט, כּדי זי זאָל זיך קענען זען מיט איר משפּחה... דאָס אָבער, וואָס מיין מומע האָט אַמאָל נישט געקענט פּועלן ביים רבונו של עולם, האָב איך, ווייזט אויס, יאָ געפּועלט... דאָ, אין ניו-יאָרק, זע איך אַלעמען, מיין גאַנצע משפּחה, דאָס גאַנצע ליטעראַרישע געזינדל... פון אַלע שטעט איז געוואָרן איין שטאָט!.."

איז דער משל אונז שטאַרק געפעלן געוואָרן, און דערווײלע, ווי צעטראָגענע מענטשן, האָבן מיר אַלע באַטראַכט זיין שטעקל, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט, און וואָס איז יאָ אַ שטעקל, ווי אַלע, און דאַכט זיך נישט ווי אַלע... עפּעס האָט זיך געפּילט אין דעם שטעקל געשיכטע.

און דער ליבער ספּעקטאָר האָט אונז דערקלערט:

„אַ מתנה פון שלום-עליכמען, מיט אַן אויפשריפט אין גאָלד... דאָס האָט ער מיר געשיקט אַ יאָר פאַר זיין טויט פון ניו-יאָרק קיין אָדעס..."

איז נאָך מרדכי ספּעקטאָר אונז טייערער געוואָרן. מיר האָבן זיך דערמאָנט, אַז דער אומשטערבלעכער שלום-עליכם איז

געווען ספעקטאָרס נאָענטסטער פריינט, ווען ער האָט אפילו אַ ווערק געווידמעט...

עס האָט אַ שוועב געטאָן מיט אייביקייט, און די אַלע, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם גרויסן גאַסט, זענען שטאַרק ערנסט געוואָרן...

נאָך אַ קורצער פויזע האָט איינער דעם גאַסט געפרעגט:

„ווי געפעלן אייך אונזערע „יונגע", די נייע... די... די..."

ספעקטאָרס אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

„איך בין זיבן יאָר געווען אָפגעריסן פון דער וועלט, גאָרנישט געלייענט. בלויז איין קליין ביכעלע, אַן אַנטאָלאָגיע פון די היגע יונגע פּאָעטן האָב איך געזען..."

„נו... נו?" האָבן די אַלע „שונאים" פון די יונגע אָנגעשפּיצט די אויגן.

ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער גוטמוטיקער ספעקטאָר איז אויך אַ דיפּלאָמאַט: ער געדענקט נישט יעדערנס לידער באַזונדער. נאָר איין סעריע לידער „אין סיביר" האָט אויף אים געמאַכט, געדענקט ער, אַ שטאַרקן איינדרוק...

קיין נאָמען פון דיכטער האָט ער נישט אָנגערופן, האָבן מיר עס געטאָן פאַר אים:

„לייוויקס!.."

„יאָ! יאָ! וואונדערלעכע לידער!"

„נו, און דעם „גולם"? ניין, פון „גולם" האָט ער נאָך נישט געהערט... נאָר ער פאַרזיכערט, אַז ער וועט דאָ אַלץ לייענען—ער האָט ליב די יונגע, די נייע!..

האָבן מיר שוין געוואָלט וויסן, וויאַזוי האַלט ער פון דאָרטיקע „יונגע", וואָס טוען זיי און וויאַזוי און וואָס שאַפן זיי. האָט ער אויסגעקליבן, צוליב קיצור, איין גרופּע: די קיעווער...

„אויף די קיעווער לייגט מען זייער גרויסע האָפענונגען."

„און וואָס איז עפּעס מכּות די וואַרשעווער יונגע?"

אָבער פון וואַרשע איז ער געוועזן אויך אָפּגעריסן. דער איינציקער יונגער, וואָס ער ווייס פון דאָרטן, איז דוד פּריש-מאַן... איז פּרישמאַן געוועזן מיט אים אין אָדעס און איז איצט אין בערלין.

פול מיט ליובֿ איז ער וועגן ביאַליקן, מיט וועלכן ער האָט די לעצטע צייט געלעבט און געליטן אין אָדעס.

„אונטער פּערצענערליי רעגירונגען בין איך מיט אים געוועזן און ער איז שטענדיק געווען ביי מיר דער מלך..."

„ווי האָט זיך דאָרטן אייך געלעבט?"

„טשעפּעט נישט..." האָט ספּעקטאָר אַ טרויעריקן שמייכל געטאָן...

האָבן מיר שוין אַ ביסעלע פאַרשטאַנען, אָבער אָט האָט אין אים דערוואַכט דער קינסטלער:

„איר ווילט אַ בילדעלע?.."

און ער האָט דערציילט:

„איינמאָל גיי איך אין אָדעס מיט צוויי עמער וואַ-סער, וואָס איך האָב געטראָגן פון אַ דריטער גאַס אַהיים, באַגעגן איך דעם געוועזענעם פּרעזידענט פון דער יידישער קהילה ד"ר לוריא—ער טראָגט אויפן פּלייצע אַ זעקל מיט אַ ביסל האָלץ און עטלעכע קאַרטאָפל... שטעלן מיר זיך אָפּ. איך לאָז אַראָפּ די צוויי עמער וואַסער אויף דער ערד, ער זיין זעקל מיט האָלץ און עטלעכע קאַרטאָפל, און מיר צעשמועסן זיך „מעניני דיומא"... אָפּגעשמועסט אַזוי אַ ביסל, צעזעגענען מיר זיך. איך, מרדכי ספּעקטאָר, נעם צוריק מיינע צוויי עמער וואַסער אין די הענט, ער, דער פּרעזידענט פון דער אָדעסער קהילה, ד"ר לוריא, זיין זעקל מיט האָלץ און קאַרטאָפל, און יעדער גייט זיך אַוועק זיין וועג"...

און נאָך אַ קליינער פּויזע שטעלט ער אויף מיר אָן זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן און פרעגט:

„איר פאַרשטייט?.."

אָבער עס ווילט זיך וויסן נאָך און נאָך, נאָר מרדכי ספעקטאָר, דווקא אַזוי אַ רעדעוודיקער מענטש, וויל פון יענע לענדער פיל נישט רעדן. נישט, חלילה, פאַר קאַרגשאַפט, ווי מאַנכע שרייבער, וואָס ווילן יעדע איבערלעבונג האַלטן אין זיך, כדי נאָכדעם עס פאַרעפנטלעכן פאַר גאָר דער וועלט, — מרדכי ספעקטאָר איז בלויז אַן איידעלער גוטער מענטש, און האָט קיין הארץ נישט אייך צו פייניקן מיט שוידערלעכקייטן...

# די ליטעראַרישע פּערזענלעכקייט
# פון מרדכי ספּעקטאָר

## II

מרדכי ספּעקטאָר האָט אַריינגעטראָגן אין דער יידישער ליטעראַטור אַ ניי וואָרט, אַ נייעם טאָן.

ער איז געקומען מיט טראַדיציעס פון דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס פאַר דער יידישער איז דאָס געווען אַ באַנייונג און אַ דערפרישונג.

ער האָט דער ערשטער אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור לעבעדיקע מענטשן, טיפּן, געשטאַלטן.

דער ערשטער, וואָס האָט נישט געשילדערט, ווי זיינע פאָרגייגנער, מענדעלע, לינעצקי און אַנדערע, בלויז דאָס לעבן פון דעם כלל, נאָר דעם יחיד אליין, און אויב אויך דעם כלל — איז אַלץ דורכן יחיד.

זיין ערשטער ראָמאַן מיטן טיטל: „אַ ראָמאַן אָן אַ נאָמען" האָט פאַרמאָגט אַ גאַלעריע וואונדערלעכע טיפּן, אָריגינעלע, אינטערעסאַנטע, און דער ראָמאַן אליין איז געווען פול מיט האַנדלונג.

דער צווייטער גרויסער ראָמאַן, „דער יודישער מוזשיק״, וואָס האָט שוין געהאַט אַ טענדענץ, איז אויך געווען העכסט קינסטלעריש לויט די באַגריפן פון יענער צייט. דער יידישער „פּאָמיעשטשיק״ דער הויפּטהעלד פון ראָמאַן, האָט געאָטעמט מיט לעבן, די סביבה אין דאָרף, די באַציונג פון די פּויערים צו די יידן — אַלץ עכט און לעבנסטריי. אַפילו די ליבע דאָרט צווישן רחלען מיט סאָלאָמאָנען איז נישט געווען בלויז, כּדי מקיים צו זיין די מצווה פון אַ ראָמאַן.

איר האָט געפילט, ווי צוויי יונגע הערצער ציען זיך איינע צו די אַנדערע.

אין דעם ראָמאַן „אַ וועלט מיט קליינע וועלטעלעך״ איז שוין ספּעקטאָר אַ רייפער מאָלער און קינסטלער. ער פירט אַרויס זיינע העלדן אין דער גרויסער וועלט. אַ טייל פון דער האַנדלונג קומט פאָר אין פּעטערבורג, באַקענט אונז מיט אַזוינע טיפּן, פון וועלכע די יידישע ליטעראַטור האָט דעמאָלט — און אַ צייט שפּעטער — קיין אַנונג נישט געהאַט.

און אַפילו אין יענע קאַפּיטלען פון ראָמאַן, וואו די האַנד-[illegible]מט פאָר אין פּראָווינץ, זענען די העלדן ניי אויפגע-[illegible] פול מיט אַלמענטשלעכן אינטערעס.

איבערהויפּט געלינגט אים דאָרט אַ טיפּ פון אַ יידישער [illegible] איבעריקנס, צו שילדערן פּרויען-טיפּן איז ספּעקטאָר געווען איי[illegible] פון די גרעסטע מייסטער אין דער יידישער ליטעראַטור.

זיין גרויסע דערציילונג „טרייטל״ איז שוין ריינע שטעטלשע מיליע. אין „טרייטל״ ווערט געשילדערט דאָס לעבן פון אַ שטעטל ערגעץ אין וואָלין.

דער העלד פון דער דערציילונג, טרייטל, אַ טיפּ, געשילדערט מיט הומאָר, אַ מין טוביה דער מילכיקער, נאָר אָן פּסוקים, אַ מער מגושמדיקער, שינדט די הויט פון זיינע אָרעמע פּאַרשוינען, וועלכע ער פירט אין אַ צווייטער שטאָט, און דורך אים גייט דורך דאָס גאַנצע לעבן פון אַ וואָלינער

שטעטל מיט זיינע פריידן און ליידן, ליכט און שאָטן, מיט זיינע אַלטע און יונגע...

אין זיין גרעסערער נאָוועלע „יידיש, אָדער דריי פאַר־שוינען" איז דער הויפּטהעלד אַן אַסימילאַטאָר אין רוסלאַנד, וואָס האָט זיך נאָך די ערשטע פּאָגראָמען געכאַפּט אין זיין טעות און קומט צוריק צו זיין פאָלק.

אָבער אויך אָט די כלומרשט טענדענציעזע נאָוועלע פאַר־מאָגט גלאַנצפולע זייטן מיט בילדער פון לעבן, פול מיט הומאָר.

די סצענע, ווען דער שניידער, אַ זייטיקער פאַרשוין אין דער דערציילונג, וואָס ווערט געוואָר, אַז דער קריסט, דער „פריץ", פאַר וועמען ער האָט געניים קליידער און צו וועמען ער האָט אַלעמאָל מורא געהאַט אריינצוקומען אין זיין הויז, איז גאָר אַ ייד—אָט די סצענע איז געשילדערט מיט אַזאַ פּאַטאָס, אַז ביים לייענער באַווייזן זיך טרערן אין די אויגן, טרערן פון אַנטציקונג.

איבעריקנס, אַזוינע פּאַטעטישע שטעלן פאַרמאָגן אַ סך פון ספּעקטאָרס ראָמאַנען און דערציילונגען.

אַן עכטער קינסטלער איז ער געווען אויך אין זיינע קליינע דערציילונגען, וועלכע ער האָט געשריבן אין אַ באַ־דייטנדיקער צאָל.

באַרימט פון זיי איז „דער שטרייק פון קבצנים". אָבער אויך אַנדערע, קלענערע דערציילונגען, ווי „דער פעטער", „אַ פּעסעלע וויין", „שטייט אויף צו סליחות" און אייניקע דער־ציילונגען פון קינדערלעבן זענען עכטע מייסטערווערק, דורכ־געדרונגען מיט מענטשנליבע און רייך אין פאַרבן.

איך האָב דאָ נישט בדעה צו געבן אַ פולע אָפּשאַצונג איבער דעם רייכן שאַפן פון אַזאַ גרויסן שרייבער, ווי מרדכי ספּעקטאָר איז געווען.

דאָס וועלן אַוודאי איצט טאָן די־יעניקע, וואָס האָבן עס געדאַרפט שוין לאַנג טאָן און ווער ווייסט, פאַרוואָס זיי האָבן

עס נישט געטאָן. פאַרבייגייענדיק איז כּדי צו באַמערקן, אַז די אָפיציעלע יידישע קריטיקער האָבן ספּעקטאָרן כּמעט פאַרשוויגן.

קיינער פון זיי האָט אים נישט געווידמעט קיין אָפּהאַנדלונג און אפילו נישט קיין קורצן אַרטיקל. דער איינציקער, וואָס האָט געשריבן וועגן אים, איז געווען דוד פרישמאַן. און דווקא דוד פרישמאַן, דער שטרענגער און פאַרביינער, האָט ספּעקטאָרן געגעבן אַ באַגייסטערטע אָפּשאַצונג. אויך פּינעס האָט אין זיין געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור געווידמעט ספּעקטאָרן אַ גרויסן קאַפּיטל פול מיט לויבגעזאַנגען.

בלויז מיט אָט די צוויי אַרטיקלען און אפשר וואו נישט וואו און ווען נישט ווען נאָך אַ פּאָר קורצע נאָטיצן, שעפּט זיך אויס די גאַנצע „ליטעראַטור" וועגן אַזאַ שריפטשטעלער, ווי מרדכי ספּעקטאָר.

אָבער סיי ווי סיי, ביי די ברייטע יידישע לעזערקרייזן איז ספּעקטאָר געווען באַליבט און געאַכט.

ער איז געווען (און וועט בלייבן) איינער פון די גע-ציילטע שריפטשטעלער-קלאַסיקער, וואָס די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט. דאָס פאָלק האָט זיין יעדן נייעם ראָמאַן, יעדע נייע דערציילונג אויפגענומען מיט דעם טיפסטן ערנסט און מיט דעם גרעסטן אינטערעס, ביז דער לעצטער צייט פון זיין רייכן שאַפן.

ספּעקטאָר אַליין האָט גוטמוטיק געשמייכלט איבער דער אָפיציעלער קריטיק.

ער איז געווען אַליין זיין קריטיקער, אינערלעך געפילט זיין ווערט פאַר דער יידישער ליטעראַטור און פאַרן יידישן פאָלק. און מיט ערווירדיקער באַשיידנקייט איז ער אַרומגע-גאַנגען צווישן אונז, יינגערע, און צווישן די גאַר יונגע און האַרציק אָנגעקוואָלן, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אַזוי רייך צעוואַקסן.

ער האָט געטראָגן אינדערשטיל דאָס באַוואוסטזיין, אַז ער האָט פיל מיטגעווירקט צו דערדאָזיקער עשירות, סיי

מיט זיין אייגענעם שאַפן און סיי מיט זיין צוגעבן מוּט די אָנפאַנגער.

די, וואָס האָבן נאָר באַזעסן דעם אמתן פונק, האָט ער אַלעמאָל אויפגענומען מיט ליבע און געגעבן פּלאַץ פאַר זייערע ווערק אין זיינע צענדליקער אויסגאַבן, וואָס זיי אַליין זענען אַ גרויסער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

דער „הויז-פריינד", אַ יערלעכער זאַמלבוך, וואָס ספּעקטאָר האָט אַרויסגעגעבן און וועלכער איז דערשינען אין פינף גרויסע בענדער, אין פאַרלויף פון 1888 ביז 1895, איז געווען בכלל דער ערשטער זאַמלבוך אין דער יידישער ליטעראַטור און די ערשטע ריין-ליטעראַרישע דערשיינונג, נישט רעכענענדיק דעם פּעטערבורגער „דאָס יודישע פאָלקסבלאַט", וואָס איז דערשינען וועכנטלעך אין אַכט זייטלעך.

זיינע אַרויסגעבער, סיי צעדערבוים, סיי קאַנטאָר און שפּעטער ישראל לעווי, אַ פאַרביסענער שונא פון יידיש, מיט קאַפּריזן פון אַ קליינשטעטלדיקן נגיד — האָבן מער געזוכט צו פאַרשפּרייטן השכלה, ווי שיינע ליטעראַטור.

אויסער דעם „יודישן פאָלקסבלאַט", וואו ספּעקטאָר אַליין האָט אָנגעהייבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט נאָך אין יאָר 1884, איז נישט געווען קיין שום ליטעראַרישע אויסגאַבע, וואו אַ יונגער טאַלענט זאָל האָבן פּלאַץ וואו צו דרוקן זיך, סיידן אַרויסגעבן אַליין אַ בוך. מיט דעם „הויז-פריינד", וואָס ספּעקטאָר האָט אַרויסגעגעבן, פאַנגט זיך אָן די גלאַנץ-עפּאָכע פון דער יידישער ליטעראַטור.

מ. ספּעקטאָרן האָט געצויגן צו פאַרזאַמלען אַלע דעמאָלטיקע קאָריפייען פון דער יידישער ליטעראַטור אין זיין „הויז-פריינד", צוזאַמען מיט די דעמאָלטיקע יונגע. אַזוי האָט מען אין ערשטן „הויז-פריינד" געפונען דעם שוין דעמאָלט באַרימטן מענדעלען מיט דעם דעמאָלט נאָך יונגן און אויף יידיש — אַן אָנפאַנגער — שמעון פרוג.

שלום-עליכם, כאָטש נאָך דעמאָלט זייער יונג, אָבער שוין באַקאַנט דורכן „פּאָלקסבלאַט", האָט אין דעם ערשטן „הויז-פריינד" געדרוקט זיין נאָך ביז איצט וואונדערלעכע קאָמעדיע אין איין אַקט „דער גט".

אויך דער דעמאָלטיקער יונגער פרישמאַן האָט דאָרט נישט געפעלט מיט אַנדערע נייע און יונגע.

אין די ווייטערדיקע יאָרגאַנגען פון דעם „הויז-פריינד" האָבן זיך שוין געפונען אַ פּאָר קליינע לידער פון מיר, וואָס איך, אַלס ייִנגל, האָב צוגעשיקט „אויף מזל" פון מיין שטעטל קוידאַנאָוו.

אויך דוד פּינסקי האָט זיין ערשטע דערציילונג געדרוקט אין „הויז-פריינד".

אין זעלבן יאָר „הויז-פריינד" האָט דערזעלביקער דוד פּינסקי, אונטער אַ פּסעוודאָנים, פאַרעפנטלעכט אַ פלאַם-פייער-דיקן אַרטיקל וועגן דעם דעמאָלטיקן העברעיסט זעב יעבץ, וואָס האָט דעמאָלט נאָך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם ייִדישן לעבן. דער אַרטיקל איז געווען אַן אויפרוף צום קאַמף קעגן דאָס אַלטע, פאַר נייע אידעען. דערדאָזיקער אַר-טיקל איז באמת געווען אַ שטראַל אין דער פינסטערניש. אַזאַ שאַרף וואָרט האָט מען נישט געקענט הערן אפילו שפּעטער אין פּרצס „יום-טוב-בלעטער."

נאָך פינף יאָרביכער „הויז-פריינד," וואָס האָבן באַריי-כערט די ייִדישע ליטעראַטור — (מיט אַ יאָר שפּעטער נאָכן ערשטן „הויז-פריינד" האָט אויך שלום-עליכם אַרויסגעגעבן „די יודישע פאָלקס-ביבליאָטעק," וואָס האָט אויך פיל בייגעטראָגן צו דער נייער ייִדישער ליטעראַטור און וואָס איר מאַטעריאַל איז נאָך געווען רייכער.

אויך פּרץ—שוין מיט עטלעכע יאָר שפּעטער—האָט אַרויס-געגעבן „די יודישע ביבליאָטעק". (אָבער דידאָזיקע זאַמלביכער זענען באַזונדערע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון דער ייִדי-שער ליטעראַטור).

מרדכי ספּעקטאָר גיט אַרויס פון צייט צו צייט קליינע זאַמלהעפטן, ביזוואַנען עס דערשיינט דאָס ליטעראַרישע וואָכנ-

בלאט „דער יוד״ (1899). ער ווערט דארט א שטענדיקער מיט-ארבעטער, אבער פאר אים איז דאס ווייניק. ער איז אויך געהילף-רעדאקטאר, און א דאנק זיין איינפלוס, הייבט אן צו דערשיינען אין זעלבן יאר אלס ביילאגע צום „יוד״ א חודש-שריפט „יודישע פאמיליע״, פון וועלכן ער איז דער רעדאקטאר.

איך בין שוין דעמאלט אין ווארשע. ספעקטאר איז צו מיר גוט און פריינטלעך. איך לייען פאר אים יעדע בעסערע דערציילונג, וואס איך שרייב אן, צווישן זיי אויך מיין דער-ציילונג „דער גמילות-חסד״, וואס איך האב אים געבראכט פאר דער „יודישער פאמיליע״. איך לייען אים פאר און די אויגן לייכטן אים אויף...

„אהער, אהער!״ בעט ער זיך און ציט די הענט צום מאנוסקריפט.

איך בין גליקלעך, וואס ספעקטארן געפעלט אזוי די דערציילונג. זיין מבינות איז אויסער יעדן ספק.

אבער ענדלעך קוקט ער אריין אין סוף פון מאנוסקריפט און בעט זיך ביי מיר:

„צו וואס אט די עטלעכע שורות צום סוף? איבעריק, אויף נאמנות, איבעריק״, און טייטלט מיט די פינגער אויף די לעצטע שורות.

און ער קוקט מיך אן מיט געבעט, איך זאל זיי ארויס-ווארפן.

איך גיב אים נאך מיט דער איבערצייגונג, אז ער איז גערעכט. און נאך ווי גערעכט! אן די לעצטע עטלעכע שורות איז די דערציילונג גרעסער געווארן, אויסגעוואקסן.

שפעטער קומט צו שלום אש, נאמבערג.

פאר נאמבערגן האט ספעקטאר א ביסל מורא. ער איז נישט זיכער מיט אים. קען און שרייבט העברעיש, אבער ער האלט פון אים א וועלט. צו אשן באציט ער זיך, ווי צו אן אנפאנגער, א תלמיד, קוועלט אן פון אים און בעט זיך אלץ:

„ברענגט עפעס, ברענגט עפעס, ברענגט נאך״...

און אונזערע שענסטע זאַכן פון יענער צייט האָבן מיר טאַקע געטראָגן צו ספּעקטאָרן.

אַז ער וועט נאָכדעם דער רעדאַקטאָר פון דער וואָכנ-שריפט „פאָלקסצייטונג", וועלן מיר אַלע דריי, איבערהויפּט איך און אַש, זיינע מיטאַרבעטער. אפילו דאָס ערשטע אַרטיקל, וואָס אַש האָט געשריבן — וועגן מאָלער אברהם ניימאַן — איז געווען געדרוקט אונטער ספּעקטאָרס רעדאַקציע.

די „פאָלקסצייטונג" (1903—1901) איז דערשינען אין איין צייט מיטן „יוד". די בעסערע זאַכן האָבן מיר, צי צופעליק, צי בכוונה, געדרוקט אין דער „פאָלקסצייטונג", כאָטש דער „יוד" איז געווען מאַטעריעל אַ רייכערע צייטונג.

מיר האָבן געוואָלט הערן די ריכטיקע מיינונג פון אַ רעדאַקטאָר אַ קינסטלער, און בכלל האָט ער אונז פריינטלעכער אויפגענומען, ווי די פרעמדע.

און מ. ספּעקטאָר האָט זיך געקענט באַגייסטערן.

מיין ליד „מאי קא משמע לן" האָב איך גלייך נאָכן אָנ-שרייבן געטראָגן צו ספּעקטאָרן.

אַז ער האָט עס דורכגעלייענט, איז ער אָנגעצונדן געוואָרן.

„האַ, וויפל, אַכטאונצוואַנציק שורות... שוין! שוין... אָט גיי איך צו ראַמבערגן"...

„פאַניע, ראַמבערג, איר מעגט אים געבן גלייך געלט"...

עס האָט אָנגעטראָפן, לויט דעם דעמאָלטיקן האָנאָראַר, נישט קיין סך. ראַמבערג, דער אַרויסגעבער, האָט אָבער קיין מזומן געלט גראָד נישט געהאַט, האָט ער אונז (אַש איז אויך דערביי געווען) געגעבן אַ קופּאָן אַזאַ. האָבן מיר, ביים חלופן אים, פאַרלוירן אָן אים...

און אַ שעה שפּעטער זענען מיר געקומען אין רעסטאָראַן, קעגנאיבער דער רעדאַקציע פון „פאָלקסצייטונג", וואו מיר האָבן געטראָפן ספּעקטאָרן זיצנדיק שטאַרק אויפגערעגט.

מיר האָבן אים דערציילט, אַז מיר האָבן פאַרלוירן אָן קופּאָן. עס האָט אים באַנג געטאָן. ער האָט געשמייכלט איבער

אונזער יינגלשקייט, און געהייסן דעם קעלנער אונז מכבד זיין צו קעלישקעלעך ליקער פארן עסן.

ער האָט אונז ליב געהאַט.

אין דער אַדמיניסטראַציע, וואו ער האָט זיך אָנגענומען אונזערע קריוודעס, פלעגט ער זיך מוזן פאַרענטפערן.

„איך קען זיך נישט העלפן, איך האָב זיי ליב...״

און מיט אַלערליי מיטלען געזוכט צו ווירקן אויף די אַרויסגעבער, זיי זאָלן אונז נישט קריוודען, ווי ווייט די מאַטעריעלע לאַגע פון יענער צייט האָט דערלויבט.

א ליבער איינפאַכער גרויסער מענטש געווען. זיין אַוועקגיין פון אונז טוט אויפריכטיק וויי. דער לעצטער פון די ערשטע גרויסע קינסטלער און גרויסע פערזענלעכקייטן פון דער יידישער ליטעראַטור.

# אַ געזונטער טאַלענט *).

פּיליפּ קראַנץ.

צווישן יידישע שרייבער איז זעלטן צו געפינען אזא שטאַרק געבויטן און פיזיש געזונטן מענטשן, ווי מ. ספּעקטאָר. דאָס קומט נישט נאָר פון דער נאַטור, וועלכע האָט אים פאַרזאָרגט מיט אַ קרעפטיקן גוף, נאָר אויך פון דעם, וואָס אין זיינע יונגע יאָרן האָט מען אים ווייניק געמאַטערט מיט דער חדרשער תורה, אָן לופט. ער האָט מער געלעבט אויף דער פרייער נאַטור, ווי אין די פאַרשטיקטע שטיבלעך פון די מלמדים, און די באַנק פון אַ ישיבה האָט ער קיינמאָל נישט געקוועטשט.

זיינע קאָלעגן רופן אים אפילו אין אַ שפּאַס אויפן נאָמען פון זיין באַרימטן ראָמאַן „דער יידישער מוזשיק", אָבער טאַלענט האָט ער געוויס. דאָס גיבן אַלע צו, דאָס לייקנט אויך נישט פרישמאַן. טאַלענט האָט אים די נאַטור פריי געגעבן, אַזוי ווי זי האָט אים באַשאָנקען מיט פיזישער קראַפט.

ביי ספּעקטאָרן איז אַן איינגעבאָרענער בעלעטריסטישער טאַלענט, וואָס איז נישט פאַרגרעסערט געוואָרן דורך בילדונג, אָבער אויסגעשליפט געוואָרן דורך דערפאַרונג. ער האָט גראַדע

*) דערדאָזיקער אַרטיקל איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1907 און איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן נאָך ספּעקטאָרס טויט.

דאָס, וואָס עס פעלט פרישמאַנען — דער אָריגינעלער פונק, דער „רוח־הקודש״ פון דער מוזע. ווען ספּעקטאָר וואָלט געהאַט פרישמאַנס בילדונג, וואָלט ער זיכער געווען דער גרעסטער יידישער בעלעטריסט.

דאָס, וואָס ער האָט געשאַפן, האָט ער יעדנפאַלס געשאַפן זעלבשטענדיק, פון קיינעם נישט גענאַשט. אַ נאַטירלעכע נייגונג צום שרייבן האָט ער אַרויסגעוויזן נאָך אַלס יינגל. ווי ער האָט מיר דערציילט, האָט ער אָנגעפאַנגען צו שרייבן, ווען ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר.

ער פלעגט שילדערן סצענעס, מאַכן באַשרייבונגען פאַר זיך און האָט זיך געשעמט צו ווייזן אַפילו אַ וואָרט דערפון. דעמאָלט, האָט ער מיר געזאָגט, האָט ער אויך פאַרטראַכט צו שרייבן דעם ראָמאַן, וואָס האָט אים גלייך פאַרשאַפט אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור — דעם „יידישן מוזשיק״.

ער איז אויסשליסלעך אַ יידישער שרייבער, און זיינע מוסטערס זענען אויך יידישע.

„פון קינדוויייז אָן,״ האָט ער מיר געזאָגט, „האָב איך ליב געהאַט אונזער מאַמע־לשון, און פלעג שלינגען יעדעס ביכל, וואָס פלעגט מיר אַריינפאַלן אין האַנט. באַזונדערס פלעג איך קוועלן פון אַבראַמאָוויטשן און לינעצקין. זיי זענען געווען מיינע מוסטערס, מיינע אידעאַלן אין ליטעראַטור.״

זיין ליבע צו אונזער מאַמע־לשון האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער האָט נאָך אַלס בחור אָנגעפאַנגען צו זאַמלען יידישע פאָלקסווערטלעך, וועלכע זענען דערשינען אין בוכפאָרם אין 1890 מיט דער הילף פון דעם באַוואוסטן וואַרשעווער מיליאָנער איגנאַץ בערנשטיין.



מרדכי ספּעקטאָר איז געבוירן געוואָרן אין אומאַן, קיעווער גובערניע, אין יאָר 1858. זיינע עלטערן און איר-עלטערן זענען געווען טאַלנער חסידים. זיין פּאָטער איז געווען אַ קרעמער און זייער אַ הייסער חסיד, וואָס פּלעגט זיך נישט רירן פון אָרט אָן דעם רבינס ברכה. מער ווייסט ספּעקטאָר נישט פון זיין פּאָטער, ווייל ער איז געבליבן אַ יתום, ווען ער איז אַלט געווען צוויי יאָר.

ער איז געבליבן אונטער דער השגחה פון זיין מוטער— און דער גאַנצער משפּחה, וועלכע איז אויך באַשטאַנען פון טרייע חסידים פון דעם טאַלנער צדיק.

מען האָט ספּעקטאָרן געשיקט אין חדר, נאָר זיינע מלמדים, וועלכע האָבן געקענט מער זינגען זמירות ביים רבין און כאַפּן פון די טעלער ביי די חסידישע סעודות, איידער לערנען תורה, האָבן גאַנץ ווייניק געלערנט מיט זייערע תלמידים.

ספּעקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז זיינע חסידישע מלמדים זענען געווען גראָבע יונגען, און האָט אויך צוגעגעבן, אַז ער האָט קיינמאָל קיין חשק נישט געהאַט צו דער חדרשער תורה און צו קוועטשן די באַנק. ער פלעגט ליב האָבן זיך אַרומצודרייען איבער די פעלדער, צו זיין וואָס נענטער צו דער נאַטור.

ווען ער איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט מען אים אַוועקגעפירט צום טאַלנער צדיק, וועלכער האָט אים מיט זיינע אייגענע הענט אָנגעטאָן די תפלין.

דאָס האָט אָבער גאָרנישט געווירקט אויף ספּעקטאָרן, וועלכער האָט שוין דאַן געזוכט צו לערנען רוסיש און אריינצוטרעטן אין אַ רוסישער שולע. ווען ער איז אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן פּליטה קיין זשיטאָמיר,

אַריינצוטרעטן אין דעם דאָרטיקן לערער־אינסטיטוט. ער איז אָבער דאָרטן נישט לאַנג פאַרבליבן.

דער אינספּעקטאָר גורלאנד האָט אים דערקלערט, אַז עס איז מער נישטאָ קיין אָרט אין אינסטיטוט.

ווי ספּעקטאָר האָט מיר דערציילט, איז דער אַלטער צווייפעל, וועלכער איז אויך געווען לערער אין דער ראַבינערשולע אין זשיטאָמיר, געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אָנערקענט זיין טאַלענט. ווען צעדערבוים האָט אין יאָר 1881 געקראָגן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אין פּעטערבורג „דאָס פאָלקסבלאַט", האָט ספּעקטאָר גלייך אָנגעפאַנגען צו שיקן אַהין דערציילונגען און קאָרעספּאָנדענצן. צוערשט פלעגט מען זיינע שריפטן אַריינוואַרפן, אָן צערעמאָניעס, אין רעדאַקציע־קאָרב, ווייל ער האָט געשריבן מיט גרייזן.

צעדערבוים, ווידער, פלעגט דערציילן, אַז ספּעקטאָר פלעגט אים פאַרוואַרפן מיט בריוו, אין וועלכע ער פלעגט זיך בעטן, מען זאָל אים העלפן אַרויספאָרן פון אומאַן און געבן אים אַ שטעלע אין רעדאַקציע, כאָטש אפילו צו קערן דעם לאָקאַל.

אויב דאָס איז אמת, זע איך נישט אין דעם קיין שום באַליידיקונג פאַר ספּעקטאָרן. פאַרקערט, דאָס באַווייזט נאָר, אַז ער איז גרייט געווען צו טאָן די שווערסטע אַרבעט, אַבי נאָר זיך אַרויסצורייסן פון זיין שטעטל און זיך דערשלאָגן צו זיין חלום — ווערן אַ שרייבער.

אָבער ספּעקטאָר דערציילט די מעשה אַנדערש. ער פאַרזיכערט, אַז אין דער רעדאַקציע האָט מען זיך ביסלעכווייז אַרומגעזען, אַז ער האָט טאַלענט, און מען האָט אָנגעהייבן דרוקן זיינע ווערק.

זיין ערשט געדרוקט ווערק איז געווען „אַ ראָמאַן אָן אַ נאָמען". נאָכדעם האָט מען אויך אין „פאָלקסבלאַט" אָפּגעדרוקט אַ פּאָר פעליעטאָנען זיינע, אָבער ערשט, ווען מען האָט אָנגעהייבן דרוקן זיין „יידישן מוזשיק", האָט ער באַקומען פון צעדערבוימען אַן איינלאַדונג צו קומען קיין פּעטערבורג.

דאָס איז געווען אין יאָר 1883, און פון דעמאָלט אָן ביז ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס „פאָלקסבלאַט" אין יאָר 1887, איז ספּעקטאָר געווען די הויפּטקראַפט פון דערדאָזיקער פּעריאָדי־שער צייטשריפט.

דאָרט זענען דערשינען זיינע בעסטע ווערק: „דער יידישער מוזשיק", „אַ שטומער גוטער ייד", „עניים ואביונים", „אַ וועלט מיט וועלטעלעך" און „ר' טרייטל". איבערהויפּט אָבער האָט ער געקראָגן אַ נאָמען פאַר זיין „יידישן מוזשיק".

אין פּעטערבורג האָט ער אויך חתונה געהאַט. זיין פרוי, וועלכע האָט זיך שפּעטער מיט אים געגט, איז געווען זייער אַן ענערגישע און געבילדעטע דאַמע, די טאָכטער פון דעם העברעישן שרייבער און צענזאָר פרידבערג.

זי האָט אַליין געשריבן אונטער דעם נאָמען „איזאַבעלא". איך האָב אפילו געהערט מיינונגען, אַז זי פלעגט אויסבעסערן ספּעקטאָרס מאַנוסקריפּטן. אויב דאָס איז אמת, האָט עס נאָר געקענט פאָרקומען אין דער התחלה פון ספּעקטאָרס ליטעראַ־רישער טעטיקייט.

ווען ספּעקטאָר האָט אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן די יאָרביכער אונטערן נאָמען „הויז־פריינד", האָט זי אים פיל מיטגעהאָלפן מיט איר פעדער. זי האָט אָנגעשריבן די דערציילונגען: „אַ חתן אויף אויסצוצאָלן", „דער יתום", „נישט אויסגעהאַלטן". זי האָט אויך מיטגעאַרבעט אין פּרצס „יודישע ביבליאָטעק".

דעם „הויז־פריינד" האָט ספּעקטאָר אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן נאָך דעם, ווי ער איז געבליבן אין פּעטערבורג אָן באַשעפטיקונג. נאָך דעם אונטערגאַנג פון „פאָלקסבלאַט" האָט ער זיך באַ־זעצט אין וואַרשע, וואו זיין מאַטעריעלע לאַגע איז די ערשטע צייט געווען אַ גאַנץ שווערע. ער פלעגט אַרומפאָרן זוכן אַבאָנענטן און האָט עס געמאַכט זייער געשיקט.

דאַן איז עס געווען אַ נייס אַרויסצוגעבן אַ יאָרבוך, און אַזוי ווי ספּעקטאָר האָט מבטיח געווען, אַז די בעסטע און

באַקאַנטסטע שרייבער וועלכן מיטאַרבעטן, האָט ער אַליין גע־קראָגן איבער 8000 אַבאָנענטן, און דאָס אַליין איז שוין אַן אויפטו.

מיר גלויבט זיך אָבער נישט, אַז ביי דער הייַנטיקער צייט זאָל מען קענען קריגן אַזויפיל אַבאָנענטן פאַר אַ פיל בעסערן יאָרבוך, ווי דער „הויז־פריינד" איז געווען. ווען מען זאָל אפילו צוזאָגן דאָס טעלערל פונם הימל, וועט עס אויך נישט העלפן. דער עולם איז סקעפּטישער, קריטישער און פאַר־זיכטיקער געוואָרן. ער וויל פריער זען די סחורה, וואָס מען זאָגט אים צו, און ער פאָדערט מער, אַ סך מער, ווי אין די 80־ער יאָרן, וועלכע קענען גערעכנט ווערן פאַר די „גאָלדענע צייטן" פון דער אָרעמער יידישער ליטעראַטור.

פינף יאָרביכער פון „הויז־פריינד" זענען דערשינען און זיי פאַרנעמען זיכער אַן אָרט אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. געצויגן האָבן זיי זיך אַ ביסל לענגער ווי פינף יאָר, און ווי דער שטייגער איז ביי אונז אחינו בני ישראל, איז מיט יעדן יאָר די צאָל אַבאָנענטן און לעזער אַלץ געפאַלן, ביז די גאַנצע אונטערנעמונג איז אונטערגעגאַנגען.

אינטערעסאַנט איז אויך, אַז די מיטאַרבעטער פון „הויז־פריינד" האָבן אַ גראָשן האָנאָראַר נישט געקראָגן. דינעזאָן און פרישמאַן האָבן אומזיסט געגעבן זייערע ווערק צו העלפן אַ קאָלעגע.

נאָכדעם איז ספּעקטאָר געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַר־בעטער אין די אויסגאַבן פון „אחיאסף".

ספּעקטאָר האָט מיר געזאָגט:

„פון יאָר 1883 איז אין רוסלאַנד נישט געווען אַזאַ צייַ־טונג, אין וועלכער איך בין נישט געווען איינער פון די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער אָדער רעדאַקטאָר."

צום סוף פון די 80־ער יאָרן, ווען די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט גענומען אויפלעבן צוזאַמען מיט דער אויפ־בליונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן געפיל — איך מיין עס דאָ אין דעם ברייטסטן זין פון וואָרט, — איז ספּעקטאָר געווען

אַ קראַפט, אַן וועלכער אַ גוטע יידישע צייטונג האָט זיך באמת נישט געקענט באַגיין. ער איז געווען וויכטיק סיי אַלס בעלעטריסט, סיי אַלס פעליעטאָניסט און סיי אַלס זשורנאַליסט.

צו יענער צייט האָבן איבערהויפּט געפעלט יידישע פּובּליציסטן. אונזערע בעסטע און פּעאיקסטע שרייבער אין רוסלאַנד זענען דאָך, מעג מען זאָגן, אויסשליסלעך געווען בעלעטריסטן, פּאָעטן און פעליעטאָניסטן.

ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אויך באַוויזן פּובּליציסטן שרייבער אין דער יידישער גאַס, על פּי רוב אָבער פון די רעוואָלוציאָנערע און פּראָלעטאַרישע קרייזן.

ספּעקטאָר איז, ווייניקסטנס, באַקאַנט געווען מיט דער טעכנישער זייט פון צייטונגען. אַלס זשורנאַליסטישע שולע האָט אים געדינט, ווי איך האָב עס שוין פריער באַמערקט, צעדערבוימס „פאָלקסבלאַט”.

אַ סך פּובּליציסטן האָט מען דאַן אויך נישט געדאַרפט. דאָס איז דאָך געווען די צייט פון „גזרת הפּרעסע”, ווען מען פלעגט מוזן שיקן מאַנוסקריפּטן איבער דער רוסישער גרענעץ, ווען מען פלעגט רעדאַקטירן אין וואַרשע צייטונגען, וואָס פלעגן געדרוקט ווערן אין קראָקע.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן, ווען פון דעם שרייבן אַן אַרטיקל ביז זיינע וואַנדערונגען קיין אויסלאַנד אַלס מאַנוסקריפּט און נאָכדעם צוריק קיין רוסלאַנד אין אַ געדרוקטער אויסגאַבע, האָט, נאַטירלעך, געמוזט אַריבערגיין אַ לענגערע צייט, דעריבער האָבן די אַרטיקלען נישט באַדאַרפט זיין ענג פאַרבונדן מיט די טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען, מיט טאָג־פראַגן. מען האָט געמוזט זיך אָפּגעבן מיט אַלגעמיינע פראַגן, און דאָס אויך ווייניק, ווייל די שאַרפע אויגן פון דער רוסישער צענזור האָבן אויך אַריינגעקוקט צווישן די שורות.

דער פּלאַץ איז אַזוי־אַרום געווען נאָר פאַר בעלעטריסטן און פּאָעטן, און אויך פאַר פעליעטאָנען, וועלכע האָבן, געוויינלעך, געשפּילט די ראָלע פון פּובּליציסטישע אַרטיקלען. אַלס

מוסטער פון אַזאַ מין צייטונג איז געווען דער „יוד", וואָס דער פאַרלאַג „אחיאסף" האָט אַרויסגעגעבן אין קראָקע פאַר רוסלאַנד.

דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ ליטעראַריש בלאַט, אָבער אונטער די דעמאָלטיקע רוסישע אומשטענדן האָט עס אויך געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג. יעדנפאַלס האָט דער „יוד" געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויף דעם אויפגעקלערטן טייל פון דער יוגנט און האָט אויך אַנטוויקלט נישט נאָר די יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, דעם לעזער, נאָר אויך אייניקע יידישע יונגע שרייבער.

ספּעקטאָר האָט אַ שטיק צייט מיטגעאַרבעט אין „יוד". נאָכדעם, ווי דער „אחיאסף" האָט אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן די „יודישע פאַמיליע", איז ספּעקטאָר געוואָרן רעדאַקטאָר פון דעמדאָזיקן חודש-זשורנאַל, וועלכער האָט קוים אָפּגעלעבט אַ יאָר.

אין די 90-ער יאָרן האָט דער פאַרלאַג „תושיה" אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן די „יודישע פאָלקסצייטונג". אַלס רעדאַקטאָר איז ווידער איינגעלאַדן געוואָרן ספּעקטאָר. דערדאָזיקער וואָכנזשורנאַל, וועלכער איז אויך געדרוקט געוואָרן אין קראָקע, האָט געלעבט ביי אַנדערהאַלבן יאָר. נאָכדעם איז ספּעקטאָר אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער „פרויען-צייטונג", וועלכע האָט זיך, נעבעך, געראַנגלט מיטן טויט אַ האַלב יאָר.

אַזוי איז ספּעקטאָר געווען פאַרבונדן מיט אַלע יידישע צייטונגען פון יענער צייט און מיט דעם אויפגעלעבטן יידישן זשורנאַליזם אין רוסלאַנד.

נאָר אָט האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייער פּעריאָד פאַרן יידישן שרייבער. עס זענען אויפגעקומען יידישע צייטונגען אין רוסלאַנד גופא. די ספּעציעלע „גזרת הפּרעסע" אויף אונזער מאַמע-לשון האָט אויפגעהערט. מען האָט דערלויבט אַרויסצוגעבן אַ יידיש בלאַט אפילו אין פּעטערבורג. דאָס איז געשען אין

יאָר 1902. אין דער יידישער גאַס האָט זיך באַוויזן „דער פריינד״.

ספּעקטאָר האָט אַ געוויסע צייט מיטגעאַרבעט אין „פריינד״, אַזוי ווי אַלע זיינע עלטערע קאָלעגן, פאַר וועלכע עס האָט זיך, קען מען זאָגן, געעפנט אַ נייע וועלט און אויך אַ בע־סערע מעגלעכקייט צו לעבן טאַקע נאָר פון דער פעדער, אָן שום צוקנעלונגען... אין „פריינד״ האָט ער אויך געשריבן דערציילונגען.

שפּעטער, אין יאָר 1905, האָט ער רעדאַקטירט אין ווילנע אַ טעגלעכע צייטונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „די צייט״ און וואָס האָט זיך געצויגן בלויז אַ האַלב יאָר.

ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, זענען אייניקע פון זיינע דערציילונגען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן, באַזונדערס אין פּויליש. זיין סקיצע „אַן אָרעם מאַלצייט״ איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן.

# מ. ספעקטאָר *).

## דר. מ. פינעס.

...אין ספעקטאָרס ראָמאַנען, באַזונדערס אין די ערשטע, וואָס ער האָט געשאַפן, איז זייער באַמערקבאַר די ווירקונג פונם פאָלקסראָמאַן, פון יענעם, וואָס מיר האָבן באַטראַכט אין פאָריקן קאַפּיטל. ווידער געדעדט, האָט דאָך נאָר אָט דער איינציקער מין געקאָנט דינען אַלס מוסטער פאַר אַ יונגן ראָמאַניסט, וואָס האָט קיין פרעמדע ליטעראַטורן נישט געקאָנט. אבראַמאָוויטשעס ראָמאַנען, וואָס האָבן אויסגעטרעטן אַזאַ ליכטיקן וועג אין דער יידישער ליטעראַטור, זענען נישט געווען, ווי מיר האָב געזען, קיין ראָמאַנען אין אמתן זין פון וואָרט: ריכטיק געזאָגט, שטעלן זיי מיט זיך פאָר זאַמלונגען פון עפּיזאָדן און באַשרייבונגען, וואָס זענען צווישן זיך פאַרבונדן נאָר אַ דאַנק דער איינהייט פון זייער מחברס טאַלענט; פון דער אַנדערער זייט האָט דער רעדאַקטאָר פונם „איד. פאָלקסבלאַט” ליבער אָנגענומען ראָמאַנען פון דעם מין „פאָלקסראָמאַנען”, ווייל אַ דאַנק זיי, האָט ער געקאָנט, פאַרמערנדיק די אינטריגעס און אַרייַנפירנדיק שטענדיק נייע געשעענישן, פאַרגרעסערן אויף וויפל ער וויל די גרויס פון זיינע ראָמאַנען און אָנפילן לייכט די שורות פון זיין בלאַט.

*) אויסצוג פון דר. פינעסעס ווערק: „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור”.

און דערפֿאַר זעען מיר, אַז ספּעקטאָר, וואָס איז אַ רעאַליסט דורך און דורך, באַנוצט זיך אין זיינע ראָמאַנען מיט אַזעלכע מעלאָדראַמאַטישע עפֿעקטן, וואָס דערמאָנען אין שמ״רס ראָמאַנען. אין „יידישן מוזשיק" וואַרפֿט זיך איין העלד פֿאַר צרות אין וואַסער אריין און אײנע אַ העלדין, אַ יידישע טאָכטער פֿון אַ בורזשואַזער פֿאַמיליע, וויל זיך נוקם זיין אָן אַ יונגנמאַן, וואָס ענטפֿערט איר נישט אויף איר ליבע און פֿאַרסמט זיין געליבטע מיט דער הילף פֿון אַ ייִנגל, וואָס איז נאָך כמעט אַ קינד און האָט זיך פֿריצייטיק פֿאַרליבט אין איר. אויך אין „עניים ואביונים" ווערט דער איינפֿאַכסטער לעזער איבערראַשט דורך דעם געקינסטלטן כאַראַקטער פֿון די פֿערזאָנען. די פֿאַר־שטעלונג וועגן ליבע, ווי זי ווייזט זיך אַרויס אין ספּעקטאָרס ראָמאַנען, איז פּונקט אַזוי נאַריש און איבערגעטריבן, ווי אין שמ״רס ראָמאַנען און די נאַטורשילדערונגען זענען אויך אַזוי פֿאַלש און אויסגעטראַכט.

די צווייטע אַנאַלאָגיע, וואָס עקזיסטירט צווישן ספּעק־טאָרס ערשטע ראָמאַנען און די פֿאָלקסראָמאַנען פֿון דער השכלה־עפּאָכע — דערביי מוז מען מער נעמען אין באַטראַכט דיקס ראָמאַנען, איידער שמ״רס — איז זייער מוסר־טענדענץ. „דער יידישער מוזשיק" איז אַ ראָמאַן מיט אַן אידעע און אפֿילו מיט אַ דאָפּעלער אידעע. ער וויל פֿאַר אַלעמען באַווייזן, אַז יידן וועלן גליקלעך זיין נאָר דאַן, ווען זיי וועלן זיך צוריק־קערן צו ערדאַרבעט און, אויסערדעם, אַז דאָסדאָזיקע צוריק־קערן וועט נאָר דאַן האָבן דערפֿאָלג, ווען דאָס וועט פֿאָרקומען אין ארץ־ישראל. דער ראָמאַן פֿאַנגט זיך אָן מיט אַ מעשה וועגן אַ יידישן סוחר, וואָס וועלנדיק זיין אומאָפּהענגיק און לעבן מיגיע כפּיו, פֿאַרלאָזט ער די שטאָט און הייבט אָן פֿירן דאָס גליקלעכע לעבן פֿון אַ פּויער. אין דעם לעצטן טייל פֿון ראָמאַן זעען מיר, ווי פֿאַר זיין הויז באַווייזן זיך באַנדעס פּאָגראָמשטשיקעס, פֿאַר וועלכע אַ יידישער מוזשיק איז דאָך אַ ייד.

די איבעריקע ספּעקטאָרס ראָמאַנען זענען אפילו נישט קיין טענדענציעזע ראָמאַנען אין אייגנטלעכן זין פונם וואָרט, דאָך מאַכט דאָרט דער מחבר זייער אָפטע אָפּווייכונגען פון דעם עצם טעמע. און די אָפּווייכונגען זענען נישט געווידמעט דער השכלה-פּראָפּאַגאַנדע, ווי אין דיקס צייטן, נאָר ספּעקטאָר באַמיט זיך אין זיי צו דרשענען איבערהויפּט וועגן פאַרבעסערן די זיטן און אָנגעמען שיינע מאַניערן. למשל, אין אַ שטעלע אין „עניים ואביונים״ פאַלט ער אָן אויף די חסידים, פאַרוואָס זיי באַגייען זיך נישט, ווי געהעריק, מיט פרויען; זיינע סימפּאַטישע העלדן רעזאָנירן אָן אַן אויפהער, שטראָפן, מוסרן, ביז עס ווערט שרעקלעך לאַנגווייליק, נאָר אין דעם זענען שולדיק דעם מחברס אָפּווייכונגען אַליין אויך.

דאָך, נישט קוקנדיק אויף אַלע פעלערן, וואָס מיר האָבן אָנגעצייכנט, מוז מען אָנערקענען, אַז שוין גלייך פון אָנפאַנג האָט זיך ספּעקטאָר אַרויסגעוויזן פיל העכער ווי די פּאָלקס-ראָמאַניסטן פון דער השכלה-עפּאָכע. וויפל געקינצלטעס עס זאָל נישט זיין אין געוויסע ראָמאַנען זיינע, דאָך אַנטהאַלטן זיי אויך אמתע, רעאַליסטישע טיילן. ער האָט אין זיי געשילדערט דאָס יידישע לעבן, וואָס איז געגליכן צו אַ טייך מיט גרויסע וועלן און רוישנדיקן וואַסער, וועלכעס טראָגט אַוועק גוטס און שלעכטס, די ציטערדיקע כוחות פון גליק און די ביטערקייטן פון טויט. די מעלאָדראַמאַטישע עלעמענטן, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט, זענען, אין אמתן גערעדט, אַריינגעפּאַקן אין ספּעקטאָרס ראָמאַנען איבער צופעליקע מאָטיוון. אין דעם גרעסטן און בעסטן טייל פון זיינע ראָמאַנען, דאָרטן, וואו ער ווייזט אַרויס זיין אמתן טאַלענט, דערשיינט ספּעקטאָר אַלס אַ באַאָבאַכטער, וואָס איז אפשר נישט טיף, ער איז אָבער יעדנ-פאַלס זייער פּינקטלעך און זייער אומפּאַרטייאיש אין לעבן. ער באַמערקט דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, דאָס שיינע און דאָס העסלעכע, דערביי אָבער לאָזט ער זיך נישט פאַרפירן דורך איינס און ער גייט נישט איבער דאָס צווייטע. ניין, ער האָט

קיין אַנדער וועגווייזער נישט, ווי דעם אמת און דאָס שטרעבן צו שילדערן געטרוי און דייטלעך אַלץ, וואָס ער האָט געזען.

באַזונדערס צייכנט ער זיך אויס מיט זיינע לעבנסשיל־דערונגען פון קליינע מענטשעלעך און קליינע שטעטלעך, אַר־בעטער, בעלי־מלאכות, „מענטשן", הענדלער א. אַז. וו. פון זייערע פריידן און ליידן. אין „ר' טרייטל" זעען מיר, ווי גאָר אַ קליין נישט באַדייטנדיק געשעעניש קערט איבער דאָס לעבן פון אַ קליין שטעטל מיטן קאָפּ אַראָפּ. די מקווה איז אָפּגעבּרענט געוואָרן און ס'איז נישטאָ קיין מיטלען צו בויען אַן אַנדערע. די אייַנוואוינער פונם שטעטל, הויפּטזעכלעך דער ווייבערישער טייל, מוזן זיך, נעבעך, שלעפּן אין דער שכנישער שטאָט, וואו ס'איז יאָ פאַראַן אַ מקווה. ר' טרייטל, דער איינציקער פּורמאַן אין שטעטל, באַנוצט זיך מיט דער ביטערער לאַגע פון זיינע קונדן און מאַכט גלענצנדיקע געשעפטן.

אין איינעם פון זיינע לעצטע ראָמאַנען, און דער איז אויך דער בעסטער, „די קאַליקעס", האָט ספּעקטאָר גענומען פאַר זיין העלדין אַ יונג יידיש פריילן, וואָס באַזוכט אין פּע־טערבורג אַקושערסקע קורסן. דאָך איז די הויפּטטעמע אין ראָמאַן דאָס לעבן אין די קליינע יידישע שטעטלעך. „די קאַליקעס" — דאָס איז די מענגע יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן קיין באַשעפטיקונג נישט, קיין געזעלשאַפטלעכע לאַגע, טויגן צו קיין זאַך נישט, שלימ־מזלס. דאָס זענען אויך יונגע מיידלעך, וואָס ווערן דערשטיקט אין דער שווערער לופט פונם קליינעם שטעטל, וואו זיי מוזן פאַרברענגען די בעסטע יאָרן פון זייער לעבן, וואַרטנדיק אויף אַ יונגנמאַן, וואָס טויג צו קיין זאַך נישט און האָט מיט איר חתונה צוליב איר נדן. אידע, די העלדין פון ראָמאַן, וויל זיך אַרויסרייסן פון דער־דאָזיקער נידעריקער לאַגע און שפּעטער, אַז זי ווערט, אַ דאַנק איר אַרבעט, ווערן אומאָפּהענגיק אַליין, וועט זי זיך צוריק־קערן אין איר שטעטל און פאַרשפּרייטן דורך וואָרט און ביי־

שפּיל די אידעען פון אַרבעט, וועלכע מאַכט פריי און גיט אַ העכערן ציל אין לעבן.

אידע בילדעט אַ נייעם טיפּ אינם יידישן לעבן; זי געהערט צו די־יעניקע פונם נייעם דור, וואָס אַוועקגייענדיק פון שטעטל, חלומען זיי נישט, למשל, ווי זייערע טאַטעס אָדער עלטערע ברידער, די משכילים, צו בלייבן אינדרויסן, צוזאַ־מענצוגיסן זיך מיט אַנדערע; ניין, זיי ווילן, פאַרקערט, זיך צוריקקערן און פירן אַ לעבן צוגלייך מיט די מיליאָנען ברידער זייערע און שוועסטער און זען דאָס גליק פונם פאָלק אין דער אַנטוויקלונג פון זייערע אינערלעכע כוחות. אויף דער פראַגע פון אַן אַלטן משכיל, מיט וואָס איז דער נייער דור בעסער פאַרן פריערדיקן, ענטפערט אידע דרייסט:

„מיט דעם בעסער, וואָס מיר וועלן נישט אַוועק ווייט פון אונזער פאָלק, ווי איר האָט געטאָן. מיר וועלן אונזער לעבן מקריב זיין פאַר אונזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער, מיר ווען זיך נישט שעמען צו לעבן מיט זיי צו־זאַמען; איר האָט אַלץ געטאָן נאָר צוליב זיך, אַנטלאָפן אין דער גרויסער וועלט, זיך דערווייטערט פון אייערע ברידער, געטאָן אַלץ, אַז מען זאָל אין אייך נישט דערקענען אַ סימן פון אַ ייד. מיט אַלעם יידישן האָט איר זיך געשעמט און אַלץ נאָכגעטאָן, נאָכגעקרימט פרעמדע. אין אייער לעבן, אין אייער אויפפירונג, אין אייער דערציען קינדער,—אַלץ, אַלץ האָט איר געטאָן, נאָר נישט יידיש... מיר וועלן זיין בעסער דורכדעם, וואָס מיר וועלן זיך נישט שעמען מיט אונזער פאָלק, מיר וועלן נישט נאָכקרימען פרעמדע, מיר וועלן אָפן לעבן אונזער אייגן לעבן... מיר וועלן אונזערע קינדער דערציען אַזוי, אַז זיי זאָלן קענען זייער פאָלק, זייער געשיכטע, זיי זאָלן ליב האָבן דאָס פאָלק, פון וועלכן זיי קומען אַרויס, זיי זאָלן זייערע פעאיקייטן פאַרנוצן פאַר אייגענע, פאַר אונזערע שוואַכערע...“

די קינסטלערישע מעלות ספּעקטאָרס זענען מיטלמעסיק.

זיין סטיל איז איינטאָניק, בלאַס, שוואַך, עס לעבט נישט. זעלטן ווען ער געפינט אין די פּערזאָנען און זאַכן, וואָס ער באַשרייבט, זייערע אייגנאַרטיקע, כאַראַקטעריסטישע שטריכן. ער קלייבט ביסלעכווייז, לאַנגזאַם, שטריך פאַר שטריך, צוזאַמענמישנדיק די, וואָס זענען טיפּיש און נויטווענדיק, מיט יענע, וואָס זענען נאָר צופעליק און וואָס פאַרפּלאָנטערן מער נישט דאָס בילד. פון פיגורן געלינגען אים אַמבעסטן אַלטע יידענעס און קינדער. די איינפאַכע פּסיכאָלאָגיע פון אַן אַלטער יידענע, וואָס ווייסט נישט, ווי זיך צו ראַטעווען און שיצן פאַר די נייע אידעען, וועלכע זי פאַרשטייט נישט, אָבער וועלכע צעשטערן אַלץ, וואָס ס'איז איר טייער, איר פאַמיליע־לעבן און איר אמונה; די נאַיווע און אָפּט אַזוי איידעלע איבערלעבונגען פון דער אומוויסנדיקער קינדער־נשמה,—דאָס האָט ספּעקטאָר מערערע מאָל געצייכנט גלענצנדיק, ווי אַ קינסטלער. אַזעלכע טיפּן טרעפן זיך כמעט אין אַלע זיינע ראָמאַנען. די בעסטע אָבער פון זיי געפינען מיר אין אַ ריי נאָוועלן, וואָס זענען אפשר דער אויסגעצייכנטסטער טייל פון ספּעקטאָרס ווערק.

פאַרבייגייענדיק מוזן מיר באַמערקן, אַז די נאָוועלע מיט איר צוזאַמענגעדריקטער פאָרם, אַ דאַנק וועלכער די דערציילונג ווערט אין איר קאָנצענטרירט, איז איבערהויפּט זייער צוגעפּאַסט פאַר ספּעקטאָרס טאַלענט, ווייל זי גאַראַנטירט אַמבעסטן, אַז ער וועט נישט מאַכן יענע לאַנגע און אומנוצלעכע אָפּווייכונגען, וואָס בילדן דעם גרעסטן פעלער פון זיין סטיל.

מיר גיבן דאָ איבער אין אייניקע ווערטער דעם סיוזשעט פון זיינער אַ נאָוועלע מיטן נאָמען „די ברילען".

שרה־פעסי האָט פאַרלוירן די ברילן פונקט ערב יום־כיפור ביי דער נאַכט. געזוכט, געזוכט—נישטאָ. הייגט וואָס פאַנגט מען אָן צו טאָן? מען קען דאָך נישט דאַוונען, און דאַוונען מוז זי. מען דאַרף דאָך אויסבעטן ביים רבונו של עולם אַ גוט און געזונט יאָר פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע. זי

ווייס, אַז נאָר זי וועט עס טאָן און נישט קיין אַנדערער: די איבעריקע, איר מאַן אפילו, גייען שוין לאַנג נישט אין שול. שוין ימים־נוראים האָט זי פאַרוואָרפן די ווירטשאַפט און האָט נאָר געדאַווענט און תחינות געזאָגט. איז נאַ דיר, דווקא אין דער רעכטער מינוט בלייבט זי מיט צוזאַמענגעלייגטע הענט ביי אַזאַ געפאַר! דאָס האַרץ קלאַפּט איר, זי פילט, אַז זי קען מער נישט איבערטראָגן דאָס שרעקגעפיל, וואָס האָט אַרומגע־כאַפּט איר גאַנצן מהות. ערשט מיטאַמאָל הייבן זיך אָן פון איר מויל צו שיטן ווערטער פון תפילות, ווי פון זיך אַליין. די ווערטער זענען נישט פון דאַוונען, זיי געהערן איר, נאָר איר אַליין. שרה־פעסי איז געוואָרן רואיקער, שטילער: זי איז זיכער, אַז דאָסמאָל האָט גאָט דערהערט איר תפילה.

אין אַ צווייטער נאָוועלע דערציילט דער מחבר אַ מעשה פון אַ קינד, וואָס איז געבליבן אַ יתום נאָכן פאָטער און וואָס וויל בעטן אליהו הנביא, ווען ער וועט קומען פסח צום סדר ביי זיי אַהיים, ער זאָל זען וואָס גיכער צו ברענגען משיחן, כדי זיין פאָטער זאָל זיך צוריקקערן—אויפשטיין תחית־המתים און זיין מוטער זאָל נישט זיין מער טרויעריק.

דער שוואַכער טאָן, וואָס איז צוגלייך אַ ביסל מעלאַנ־כאָליש, גיט נאָך צו ספּעקטאָרס דערציילונגען פון קליינע טראַ־געדיעס ביי קליינע מענטשעלעך—מער רייץ און שיינקייט.

# מרדכי ספעקטאָר *).

## ש. ניגער.

... די איינציקע קונסט, וואָס ספעקטאָר דער שרייבער האָט פאַרמאָגט, איז געווען די קונסט צו רעדן. ער האָט נישט געשריבן (שרייבן הייסט קלייבן—אָפּקלייבן, אויסקלייבן). ער האָט גערעדט מיט דער הילף פון זיין פען. גערעדט און אַרומגע-רעדט אַלץ ברייט, געמיטלעך, נישט געאיילט זיך.

די לעזער זענען אַזוי געזעסן מיט אים ביי איין טיש, ביי אַ גלעזל וויין, און—מען האָט געשמועסט.

... „איך ווייס נישט, ווי איר, ליבע לעזער, ובפרט נאָך איר, ליבע לעזערינען, אפשר טרינקט איר גאָרנישט, נאָר איך... איך האָב זייער ליב מיט בערלען צו מאַכן עט-לעכע ביסלעך: אַ ביסעלע פון אונזערטוועגן, אַ ביסעלע פון אייערטוועגן, אַ ביסעלע פון גאָטס וועגן און אַ ביסעלע פון כּל-ישראל-וועגן" **).

אַזאַ מין קלאַפּן איבערן פּלייצע דעם לעזער און אַזאַ מין היימיש פאַרברענגען מיט אים, טרעפן מיר אויך ביי אַנ-דערע אַלטמאָדישע שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור,

*) אויסצוג פון ניגערס אַ גרעסערן אַרטיקל, וואָס טראָגט דאָס אונטער-קעפּל: „אַ ליטעראַטור-היסטאָרישע סטודיע."

**) „ר' טרייטל."

ווי אויך אין אַנדערע ליטעראַטורן, אָבער דאָרט, ביי יענע, איז עס נאָר אַ מנהג אָדער אַ מאַניער פון אַ געוויסער עפּאָכע. ביי ספּעקטאָרן איז עס צונויפגעוואַקסן מיטן אינעווייניקסטן כאַראַקטער פון זיין שרייבן. ספּעקטאָר מוז, ווי יעדער ריידער, איינריידער אָדער איבערריידער, האָבן פאַר זיך דעם, צו וועמען ער רעדט, וועמען ער רעדט איין און רעדט איבער. ער מוז שטיין נאָענט צו זיינע לעזער.

און ס'איז אים לייכט צו טאָן. ער פילט זיך נישט העכער פון זיי, ער איז ביין פון זייער ביין, פלייש פון זייער פלייש. צווייטנס, האָט ער נישט אין זינען זיך אַליין, זיין אינעווייניקסטע וועלט, וואָס וויל אַנטפּלעקט ווערן, זיינע באַהאַלטענע פאַנטאַזיעס, וואָס זוכן אַ תּיקון, אַ פאָרם, נאָר ער וויל ברענגען נוצן דעם לעזער און אַמוזירן אים. ער איז, ווי כ'האָב שוין פריער געזאָגט, אַ געבוירענער פּובליציסט, און זיין ציל איז נישט די שאַפונג פון נייע לעבנס אָדער לעבנסטיפּן, נאָר די אויסבעסערונג פון דעם אַרומיקן טאָג-טעגלעכן לעבנסשטייגער.

אַזאַ ציל האָט אויך געהאַט מענדעלע, און אפילו שלום-עליכם אין זיינע ערשטע ווערק. אָבער זיי זענען פּאַקטיש געגאַנגען ווייטער פון זייער אויפקלערונג-ציל, וואָרים זיי זענען געווען קונסטמענטשן. ספּעקטאָר איז געווען אַ לעבנסמענטש. און לעבן האָט געהייסן ביי אים דאָס ממשותדיקע לעבן פון דעם נאָענטן אַרום... „ביי ענדיגען דאָס ערצעהלונג („העלדן פון דער צייט", אָדער „דריי פאַרשוינען") ערלויב איך זיך צו באַמערקען, אַז אין דער ערצעהלונג האָב איך נאָר איבערגעגעבען די פאַקטען אַרום אונז, וואָס האָבען זיך אין יענער צייט געוואָרפען אין די אויגען. וואָס עס קומט אָבער פאַר מיט אונזערע ערדאַרבעטער דאָרט — אין פאַלעסטינע — איז דערווייל נישט מעגליך, מען זאָל איצטער ערנסט קאָנען שרייבען אין איין ערצעהלונג. עס איז נאָך אַלץ אַזוי רויה, אַזוי נישט פאַרטיג, נישט איינגעקאָכט, אַז עס איז נישט מעגליך איינצובייסען

אין איין ערצעהלונג אָדער אין איין ראָמאַן. באַזינגען די טאָלען, די בערג, פייגען בוימער מיט מילגרוימען פון ארץ ישראל, צו אויסמאָלען דאָרט אַ יונג מיידעל מיט אַ יונגען מאַן, וואָס פירען אַ ליעבע אונטער אַ לאָרבער בוים, איז נאָך נישט גענוג"*).

נישט גענוג איז עס געווען פאַר אים. נישט נאָר ווייל איִם איז פרעמד געווען מליצה און אויך „קונסט צוליב קונסט", נאָר ווייל ער איז בכלל געווען פאַראינטערעסירט נאָר אין לעבענספאַקטען, נאָר אין לעבענספראַגען, און נאָר אין אַזוינע פאַקטען און פראַגען, וואָס „ווארפען זיך יעדען אין די אויגען" און זענען אַקטועל.

אין איינער פון זיינע רעצענזיעס אין „הויז-פריינד" האָט ער קלאָר פאָרמולירט זיין שטעלונג צו ליטעראַטור:

„די ליטעראַטור (האָט ער געשריבען) איז דאַן נוצליך און דעריבער אויך נויטווענדיק, ווען זי האָט אַ געזונטע טענדענץ, ווען רעכטע, גוטע מענטשנפריינד און ריכטיקע אידעען הערשען אין איהר. ווען זי האָט שלעכטע אידעען, איז זי שרעקליך און דאַן איז נויטווענדיג זי נישט צו האָבען. ווען זי האָט קיינע אידעען, איז זי אוננוצליך און דעריבער אויך נישט נויטווענדיג"**). נישט נאָר ספעקטאָר אַליין, אויך אַנדערע השכלה-שרייבער (און נישט נאָר השכלה-שרייבער) וואָלטן זיך אונטערגעשריבען אונטער דערדאָזיקער ליטעראַרישער פראָגראַם. אָבער ספעקטאָר, דאַרף מען געדענקען, האָט פאַרשטאַנען אונטער דעם וואָרט אידעען נאָר קאָנקרעטע, כ'וואָלט זאָגן, נאָר פובליציסטישע אידעען.

אין זיין קאָנקרעטישקייט און פובליציסטישקייט איז ער געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען ער דערמאָנט אין זיין ראָמאַן „עניים ואביונים" תלמוד-תורהס, מאַכט ער אונטן אַ באַמערקונג: „איך געפין פאַר נויטיג צו באַמערקען דעם לעזער, אַז איך

*) „העלדען פון דער צייט" (דריי פאַרשוינען), ערצעהלונג פון די 70-ער און 80-ער יאָהרען, וואַרשע, 1909 (געשריב: אין יאָר 1886).

**) „דער הויז-פריינד" 3, 1894, ז. 251.

רעד דאָ נישט פון די עטלעכע געצעהלטע תלמוד תורה׳ס, וואָס געפינען זיך אין אייניגע גאַנץ גרויסע שטעדט, ווי למשל אין אָדעס א. אַ. וו. הלואי וואָלטען זיך אַזוינע תלמוד תורה׳ס פאַר־מעהרען ביי יודען א. אַ. וו.*).

שפּעטער האָט ער זיך אויסגעלערנט אָפּצוטיילן דערציי־לונגען פון אַרטיקלען, אָבער אויך זיינע שפּעטערדיקע דער־ציילונגען זענען, אין תוך גענומען, בעלעטריסטישע זשורנאַ־ליסטיק (רייזע־באַשרייבונגען, באַגעגענישן, לעבנסבילדלעך, אַנעקדאָטן, אויבנאויפיקע פּאַראָדיעס, סענסאַציאָנעלע פּאַסי־רונגען, פעליעטאָנען א. ד. גל.

* * *

ווי אַן עכטער זשורנאַליסט, איז ער, פאַרשטייט זיך, געווען אַקטועל. האָבן אויסגעבראָכן פּאָגראָמען, האָט ער גע־שריבן וועגן פּאָגראָמען; האָט זיך אָנגעהייבן אַ חיבת־ציון־באַוועגונג, האָט ער געשריבן זיין „יידישן מוזשיק״ **), זיינע „דריי פאַרשוין״ א. ד. גל. זיין לעצטער—נישט געענדיקטער — ראָמאַן אין „טאָגעבלאַט״ האָט זיך אָפּגעגעבן מיט גזרת־אוקראַינע פון די לעצטע יאָרן. עס איז נישט געווען כמעט קיין איין יידישע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג אין די 70־ער און 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, אויף וועלכער ער זאָל זיך נישט האָבן אָפּגערופן מיט א ראָמאַן אָדער דערציילונג.

*) „עניים ואביונים״ אָדער „גליקליכע און אומגליקליכע״, צווייטע פאַרבעסערטע און פאַרגרעסערטע אויפלאַגע, ווילנע 1903, געשריבן אין 1895.

**) דער דערפאָלג פון „יודישען מוזשיק״ אין 1884 האָט אים באַוואויגן אָנצושרייבן אין יאָר 1892—„דער היינטיגער יודישער מוזשיק״. אויך זאָל ער האָבן געשריבן (לויט דעם „ספר הזכרון״) „די יודישע מוזיצקע״.

וואָס די בדחנים און די פאָלקסזינגער האָבן געטאָן אין פערזן, האָט ער געטאָן אין פּראָזע. זיי האָבן באַנוצט דעם פערז מיטן גראַם פאַר זשורנאַליסטישע צילן. ער האָט צוליב די אייגענע ציקן געברויכט דעם ראָמאַן און די דערציילונג, אָבער ער האָט געלעבט אין אַ צייט, ווען עס איז שוין אויס־געוואקסן אַ פּרעסע אויף יידיש (ער האָט אַליין געהאָלפן זי אַנטוויקלען), האָט ער זיך נישט באַגנוגנט מיט דער בעלע־טריסטישער פאָרם פון זשורנאַליסטיק. ער האָט אויך דירעקט אָנטייל גענומען—און זייער אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער יידישער פּובליציסטיק. און אויך דאָרט האָט ער גע־זוכט צו זיין לעבעדיק און אַקטועל.



דער הויפּטאויפּטו זיינער (פון אַ ליטעראַרישן שטאַנד־פּונקט) באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אַנטוויקלט די אַק־טועל־פּובליציסטישע בעלעטריסטיק, דעם גצזעלשאַפטלעכן ראָ־מאַן און פאַרמערט די צאָל פון „בעסערע" יידישע לעזער. ער האָט פלאַכער און ברייטער געמאַכט דעם שטראָם פון דער אויפקלערונגס־ליטעראַטור: ס'איז אים געלונגען אַריינצוציען אין אים אַ ברייטן עולם.

וואָס עס האָט נישט געקענט אויפטאָן מענדעלע מיט זיין טיפקייט, לינעצקי מיט זיין שאַרפקייט און דינעזאָן מיט זיין צאַרטקייט, האָט ער דערגרייכט מיט זיין פשוטקייט.

און ער האָט ווידעראַמאָל (ווי דיק אין די פופציקער און זעכציקער יאָרן) פאַראייניקט „דאָס אײנגענעמע מיט דאָס נוצליכע".

דאָס איז געווען דאַן זייער אַ גרויסע זאַך. דער יידי-
שער מאַסנלעזער איז אין די 70-ער יאָרן פאַרכאַפּט געוואָרן
פון שמ״רן. עס זענען געוואָרן צוויי—שטרענג אָפּגעטיילטע און
קעגנערישע טענדענצן: „דאָס נוצליכע״ (מיט מענדעלען בראש)
איז געוואָרן פאַר זיך אַ וועלט און דאָס „איינגענעמע״ (מיט
דעם „העכסט-אינטערעסאַנטן״ שמ״רן אין דער שפּיץ) איז גע-
וואָרן ווידער אַ וועלט פאַר זיך. עס איז (ווי איך האָב אין אַן
אַנדער אָרט געשריבן) אויפגעקומען די געפאַר, אַז אַלע יידישע
לעזער וועלן אַוועק צו די פּוסטע שמ״רס און נישט וועלן מער
גיין אין חדר אַריין לערנען און „אויפגעקלערט ווערן״. עס
איז פאַר דער יידישער ליטעראַטור געשטאַנען די אייגענע
פראַגע, וואָס שטייט איצט פאַרן יידישן טעאַטער: ווי געווינט
מען אָפּ דעם עולם פון דעם „שונד״, וועלכער אַמוזירט אים
אַזוי שטאַרק און נעמט ביי אים אויס בעסער, ווי ליטעראַטור?
וואו נעמט מען אַזעלכע ווערק, אַז די מאַסע זאָל נישט גע-
נעצן, לייענענדיק זיי, און צוגלייכער צייט זאָל זי עפּעס לערנען
פון זיי, קריגן אַן איידעלערן געשמאַק א. אַז. וו.?

אין דער שמ״ר-ליטעראַטור האָט געשטעקט אַזאַ קליפּה,
זי האָט אַזוי פאַרכישופט דעם עולם, אַז אַפילו אַזאַ נישט-
שווערער שרייבער, ווי דינעזאָן, האָט מורא געהאַט, אַז ער
וועט נישט קענען מיט אים קאָנקורירן*). און אַפילו דער לע-
בעדיקער און פריילעכער שלום-עליכם האָט זיך געשראָקן פאַר
אים און האָט, מיט ספּעקטאָרס היתר, פאַרפאַסט זיין בייזן
פאַמפלעט „שמ״רס משפּט״. שלום-עליכם האָט געפילט און פאַר-
שטאַנען, אַז מ׳קען נישט אַוועקמאַכן אונטערן האַנט די שונד-
ראָמאַנען. ס׳איז דאָ אין זיי עפּעס אַ וואונדערלעכער כּוח,
עפּעס אַ כּישוף. זיי דערציילן פון ליבע, פון אייפערזוכט,
פון אומגעריכטע גליקן. זיי וועקן די נייגעריקייט פון דעם
באַיוון לעזער מיט זייערע מאָדנע מעשיות און פאַרפּלאָנטערטע

*) זע זיין פעליעטאָן (אונטער דעם נאָמען „נ״) אין „פאָלקסבלאַט״ 1885.

געשעענישן. זיי צינדן אָן זיין פאַנטאַזיע, זיי טראָגן אים אַריבער אין אַ נייער וועלט, אין אַ וועלט פון אומבאַקאַנטע פירונגען, אין אַ וועלט, וואו גראַפן פאַרליבן זיך אין דינסט־מיידלעך, מלמדים ווערן לאָרדן א. אַז. וו. עס איז קלאָר געווען, אַז צוציען דעם עולם צו זיך וועט אַ יידישער שרייבער קענען נאָר מיט אַזוינע ווערק, וואָס זענען „איינגענעמע", נישט נאָר „נוצליך" אַמוזירנדיק, נישט נאָר אויפקלערעריש. דאָס איז ספּעקטאָרן קלאָר געווען פּונקט אַזוי ווי שלום־עליכמען, און אַזוי ווי ספּעקטאָר האָט נישט געהאַט די צוציונגסקראַפט פון שלום־עליכמס הומאָר, האָט ער נאָכמער געמוזט אָנקומען צו שמ"רס „העכסט־אינטערעסאַנטקייט", און ער האָט געשריבן ראָמאַנען און דערציילונגען, וועלכע האָבן פאַרשאַפט דעם לעזער פאַרגעניגן, נישט נאָר נוצן אַליין.

ער האָט אינאיינעם מיט שלום־עליכמען געהאָלפן שאַפן אַ פּובליקום פאַר דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט עס געטאָן נישט נאָר מיט זיינע אייגענע ווערק, נאָר אויך מיט די פאַרשידענע פעריאָדישע אויסגאַבן, וואָס ער האָט רעדאַקטירט.

ער איז געווען אַ ליטעראַרישער טוער, נישט נאָר אַ שרייבער. ער האָט געהערט צו יענער גרופּע עלטערע יידישע ליטעראַטן, וועלכע האָבן זיך געפילט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, נישט נאָר פאַר זיך אַליין. ער האָט געוואָלט שאַפן אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זי אויך פאַר אַנדערע שרייבער, נישט נאָר פאַר זיך אַליין. און ווען צעדערבוימס (שפּעטער לעוויס) „יודישעס פאָלקסבלאַט", די איינציקע יידישע פעריאָדישע אויסגאַבע, וואָס איז דאַן געווען, האָט אים אויפגעהערט צו באַפרידיקן, האָט ער געשאַפן אַ נייעם זאַמלפּונקט פאַר די יידישע ליטעראַרישע כּוחות פון יענער צייט—דעם „הויז־פריינד" (אינגאַנצן זענען אַרויס פינף בענדער, דער ערשטער באַנד איז אַרויס אין יאָר 1888). דאָס איז געווען זייער אַ גרויסער אויפטו. אַלע צווייגן פון דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע האָבן דאַן זיך ערשט אָנגעהייבן

צו אַנטוויקלען (די קורצע דערציילונג, דאָס נישט-בדחנישע ליד, דער פעליעטאָן, פּאָפּולערע וויסנשאַפט, ליטעראַרישע קריטיק, פאָלקלאָר) האָבן דאָרט געהאַט פאַר זיך פרייע לופט. אַלע בעסערע יידישע שרייבער — סיי די עלטערע (צווייפעל, גאָטלאָבער, מיכל גאָרדאָן, מענדעלע, דינעזאָן) סיי די נייע (שלום-עליכם, פרוג, פרישמאַן, פרץ, פינסקי, שפּעטער יהואש, אברהם רייזען) האָבן דאָרט געפונען פאַר זיך אַ היים.

נאָר אַ באַזונדער פאַרדינסט האָט מ. ספּעקטאָר פאַר דעם יידישן פאָלקלאָר. נאָך א. מ. דיק איז ער געווען דער איינציקער עלטערער יידישער שרייבער (ביז פּרצן), וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער יידישער פאָלקסשאַפונג. נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן האָט ער אָנגעהייבן זאַמלען יידישע שפּריכווערטער און אין יאָר 1886 האָט ער אין „פאָלקסבלאַט" נומער 4 אָפּגעדרוקט זייער אַ כאַראַקטעריסטישן אַרטיקל וועגן „יידישע פאָלקסווערטלעך". ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ סך ווערטלעך — פריער אין „פאָלקסבלאַט" און שפּעטער אין „הויזפריינד" (אינאיינעם מיט די שפּריכווערטער, וואָס איגנאַץ בערנשטיין האָט געזאַמלט).

און נישט נאָר פאַר די פאָלקסווערטלעך, אויך פאַר די פאָלקס-מעשיות, דערהויפּט פאַר די חסידישע, האָט ספּעקטאָר געהאַט מער פאַרשטאַנד, ווי אַנדערע שרייבער פון דער השכלה-צייט, אַ חוץ דיקן. אַ צייט פאַר פּרצן האָט ער זיך אינטערעסירט מיטן לעבן פון בעל-שם-טוב, און ער האָט אפילו אָנגעהייבן (נאָר נישט געענדיקט) אַ היסטאָרישן ראָמאַן מיטן נאָמען „דער בעל-שם-טוב" (געדרוקט אין 4-טן באַנד „הויז-פריינד" 1895). אין דער פאָררעדע זאָגט ער, אַז דער בעש"ט „איז געווען אַ ליכטיקער שטערן מיט פיל ליבע און וואַרעמקייט צו אַלע מענטשן און צו אַלע גאָטס-באַשעפענישן בכלל און צו יידן — זיינע אומגליקלעכע ברידער — בפרט".

אַזוי ווי אליעזר צבי הכהן צווייפעל, וועלכער האָט געווירקט אויף ספּעקטאָרן, אַז ער זאָל שרייבן יידיש, האָט אויך

ער ליבּ געהאַט נישט נאָר חסידות און די יידישע פאָלקס-שאַפונג, נאָר אויך די יידישע פאָלקסשפּראַך. ער האָט, אַזוי ווי אַלע אַנדערע משכּילים, געהאַלטן, אמת, אַז „זשאַרגאָן" איז נייטיק נאָר דערפאַר, ווייל ער איז „די איינציגע שפּראַכע, וועלכע קען נוצען ברענגען פאַר דאָס רוב פון אונזערע ברידער און שוועסטער" (זע זיין פאָררעדע צום „הויז-פריינד"). „דער פּראָסטער יודישער זשאַרגאָן" איז פאַר אים, ווי פאַר אַנדערע משכּילים, געוועזן אַ שפּראַך, „וואָס באַשטעהט פון פּיצלּיך און שטיקליך פון אַלערליי פאַרשלעפּטע שפּראַכען" *). אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט הייס ליבּ צו האָבּן יידיש און אויסצוזאָכן די, וואָס שעמען זיך מיט מאַמע-לשון. מיר האָבן עס געזען שוין אין איינעם פון זיינע ערשטע ליטעראַרישע פעליעטאָנען אין „יוד. פאָלקסבלאַט". ער האָט דאָרט אויף אַ איראָנישן שמייכל געבעטן מחילה ביי די העברעישע און יידישע שרייבער — „דערפאַר וואָס איך האָבּ זיי אָנגעטאָן דעם בזיון פון זיי צו רעדן אויף פּראָסט יידיש. נאָר, נישקשה, האָט ער צוגעגעבן, זיי דאַרפן זיך גאָרנישט שעמען: זיי האָבן זיך נישט געשעמט צו זויגן די מילך פון זייער מוטערס ברוסט, דורך זייער מוטערס מילך אינאיינעם מיט זייער מוטערס לשון האָבן זיך ביי זיי אָנגעהייבּן ציינדלעך אויסצושניידן און זיי האָבן אָנגעהייבן צו רעדן, ווי מענטשן... און ווידער מיט אַ לשון, וואָס אונזערע 4 מיליאָן יידן רעדן און שרייבן זייערע הויזלעכע און געשעפטס-בריוו זייט 400 יאָר און וואָס זייערע אייגענע מוטערס רעדן נאָך ביז היינט — דאַרף מען זיך גאָרנישט שעמען, און נאָך ווייניקער — מיר רוסישע יידן"... **).

אליין האָט ער יידיש אָפט גערופן זשאַרגאָן, ווי דער שטייגער איז געווען דאַן, אָבער ווען דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד", לאַנדוי, צו וועמען ער האָט געבראַכט אַמאָל רע-

*) זע זיין ארטיקל וועגן פאָלקסווערטלעך אין „יוד. פאָלקסבלאַט", 1886, נומער 4.

**) „צווישן גאַזעטען און ביכער", „יוד. פאָלקסבלאַט" 1883, נומער 39.

צענזירן זיינע און שלום-עליכמס ערשטע ביכלעך, האָט אים מיט פאַראַכטונג אַ פרעג געטאָן: — די ביכלעך זענען געשריבן אויף זשאַרגאָן? און איר מיט אייער חבר אַרבעט אין צעדער-בוימס זשאַרגאָנישער גאַזעטע?—האָט ער אים געענטפערט:

— די ביכלעך זענען געשריבן אויף יידיש, און מיר שרייבן אין אַ יידיש בלאַט... *).

ספעקטאָר איז נישט געקומען צו יידיש פון אַן אַנדער שפּראַך, אַפילו נישט פון העברעיש, ווי אַנדערע יידישע שרייבער.

ער איז אַרויסגעוואַקסן פון דער יידישער שפּראַך און פון דעם יידישן פאָלקסשאַפן. ער איז געווען אַ פּאָלקסמענטש אין דעם איינפאַכסטן זינען פון דעמדאָזיקן וואָרט. דערפון נעמט זיך די איינפאַכקייט און נישט געקינצלטקייט פון זיין שרייבן.

און דערפאַר וועט ער שטענדיק אינטערעסירן די, וועלכע וועלן זיך נעמען שטודירן אונזער פאָלקסלעבן, פאָלקסשאַפן און פאָלקסשפּראַך.

נישט נאָר אין זיינע ספּעציעלע פאָלקלאָריסטישע אַרבעטן, אין זיינע אַלע ווערק וועלן זיי געפינען אַן אַ שיעור עטנאָ-גראַפישן מאַטעריאַל.

און דער היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור וועט זען אין אים אַ בויער פון דעם יידישן זשורנאַליזם און אַ שאַפער פון דער זשורנאַליסטישער בעלעטריסטיק אויף יידיש.

---

*) מ. ספּעקטאָר: „אַ קאַפּיטל זכרונות", אין דעם זאַמלבוך „צום אָנ-דענק פון שלום-עליכם", רעדאַקטירט פון י. צינבערג און ש. ניגער, פּעטראָגראַד 1917.

# מרדכי ספעקטאָר.

## דר. א. קאָראַלניק.

### I

איך האָב געבלעטערט אין די שריפטן פון מ. ספעקטאָר. פון ליטעראַרישן נייגיר, ריכטיקער, כדי זיך צו אינפאָרמירן,

כל זמן ספעקטאָר האָט געלעבט—האָב איך נישט געפילט דעם נייגיר. עס איז מיר גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן אַוועקצוזעצן זיך לייענען ספעקטאָרן. ער איז אַליין געווען פאַר מיר גענוג. ער איז אַליין געווען—ליטעראַטור.

וואָרים וואָס זוכן מיר אייגנטלעך אין אַ ליטעראַטור? נישט איר אינהאַלט — נאָר די פאָרם. נישט די „מעשה" — נאָר דעם דרש. מיר זוכן אין איר—די קונסט. און דאָס מיינט איך דעם נוצלעכן אַנאַליז—די פינקטלעכקייט צום מענטשן אַליין.

און ווען מיר וואָלטן געהאַט די מעגלעכקייט צו זען דעם קינסטלערישן מענטשן, ווי ער איז — צו פאַרשטיין זיינע וועגן, אַריינדרינגען אין זיין מהות, דערגרייכן אים ביז צו זיינע וואָרצלען—וואָלטן מיר ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען, וואָס זיין ליטעראַטור האָט באַטייט.

עס איז אָבער שווער. נישט נאָר דעם צווייטן. דער קינסטלער אַליין קען זיך אָפט אַליין נישט. ער אַליין מוז זיך אויך געפינען—זיך פאַר זיך אַנטפלעקן — אין דער ליטעראַטור. און אָפט געפינט ער זיך קיינמאָל נישט.

און אָפטער איז יעדער קינסטלערישער מענטש אַ סוד און אַ באַאומרואיקונג.

אָבער איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט דאָסדאָזיקע אומרואיקע, אומזיכערע געפיל — ביי מרדכי ספעקטאָר.

זיצנדיק מיט אים אינאיינעם ביים טיש, רעדנדיק מיט אים איבער זיינע לאַנגע און זאַפטיקע דערציילונגען — האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט דעם פאַרלאַנג אַריינצוקוקן טיפער אין דערדאָזיקער מענטשלעכער נשמה, צו דערגרונטעווען זי ביז צום יסוד — צו זען, וואָס טוט זיך דאָרט אונטער די געדיכטע, גרויסע ברעמען, אונטער דעם מאַסיוון ביין־ריזיקן שטערן.

עס איז מיר געווען אַלצדינג קלאָר, ווי אים אליין. העלקינדעריש און נאַיוו, לויטער און פשוט.



איך האָב געבלעטערט אין זיינע שריפטן, אַלטמאָדישע ביכלעך, אויף אַלטן, גרוי־געלן פאַפיר, טייטש־חומש־אותיות און טייטש־חומש־שטימונג.

אָנגעהייבן לייענען אַ דערציילונג — און נישט פאַרענדיקט. אַן אַנדערע — און נישט דערלייענט. נישט ווייל די דערציילונג האָט מיך נישט פאַרכאַפּט, נישט ווייל דער גורל פון דעם סוחר רויטמאַן פון דער שטאָט נ..., דער העלד פון ספעקטאָרס „דער יודישער מוזשיק" — אָדער „די יידישע סטודענטן און סטודענטקעס" אָדער די אַנדערע פיגורן אין ספעקטאָרס דערציילונגען האָבן מיך נישט אינטערעסירט. פאַרקערט, זיי האָבן מיך זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט, פאַרכאַפּט, באַקומען שליטה איבער מיר.

איך האָב פאַרגעסן אויף אַ ווײַלע, אַז דאָס איז אַ מעשה, אַן אויסגעטראַכטקייט — און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך שטיי אַליין אינמיטן פון יענעם לעבן, בין אויף דעם מאַרק פון דער שטאָט נ..., די שטאָט, וואָס איז מיר אַזוי באַקאַנט, די שטאָט פון מיין היים, פון מיין קינדהייט.

און יעדעס וואָרט, יעדער זאַץ — אַ נייע ערינערונג. אפשר דערפאַר, וואָס ספּעקטאָר איז געוועזן פון מיין שטאָט, געאָטעמט די אייגענע לופט, געזען דעם אייגענעם מאַרק מיט די שוואַרצע קלייטן, דעם ווייסן ראָטהויז, וואָס זעט אויס, ווי אַ פאַרצייטיקע פעסטונג, די ווייסע הייזער, וואָס לייכטן אַזוי מיסטיש אין די זילבערדיקע אוקראַינישע לבנה-נעכט, דעם אַלטן בית-עולם, וואָס טורעמט איבער דער שטאָט — אַלצדינג, אַלצדינג.

עס איז געווען אַזוי פאַר מיר. מיין זיידע האָט מיר נאָך דערציילט פון „מאָטל אהרן-תנחומס", וואָס איז אַוועק פון אומאַן אין דער גרויסער וועלט קיין וואַרשע, קיין פּעטערבורג, און שרייבט דאָרט אין די בלעטער. „שרייבט אויף יידיש"—האָט ער געזאָגט און האָט אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס. און „מאָטל אהרן-תנחומס" איז אין מיינע אויגן געווען אַ מין לעגענדאַרישע פיגור, אַ מין בריק, וואָס פאַרבינדט די אומאַנער אַלטע שטאָט, דעם ראָטהויז, די סאָפּיעווקע, מיט אַ ווייטער, ברייטער, פאַנטאַסטישער וועלט.

און אפשר דערפאַר טאַקע האָב איך קיינמאָל נישט געלייענט מרדכי ספּעקטאָר — דעם שריפטשטעלער. ער איז געווען פאַר מיר אַ שאָטן-פיגור.

און ווען איך האָב אים געטראָפן, האָט זיך מיר אומאַן אומגעקערט. אפילו נישט אומאַן — ווי איך האָב מיך שוין אַליין צוגעוויינט צו זאָגן — נאָר „אומאַן" — ווי מיר האָבן געזאָגט אינדערהיים. און מיר פלעגן רעדן שעהנווייז. מיר ביידע, די ווייטע איינזאַמע, וואָס האָבן אַזויפיל זעונגען אויף אונזער לעבן, אַזויפיל דורכגעלעבט — בלויז פון אונזער שטאָט, בלויז

פון די שטיינער פון דערהיים, און עס האָט זיך מיר תמיד אויס־געוויזן, אַז איך בין ווידער אַ קינד — און ווידער איז אומאַן מיין איינציקע וועלט, און אַן עלטערער, אַ גרויסער דערציילט מיר און טייטשט מיר אויס און פירט מיך אַריין אין דער שאָטנוועלט פון דער שוין פאַרגאַנגענער וועלט.

און ווען איך האָב געלייענט ספּעקטאָרן, האָב איך אים געזען, ווי אַ שטילן טייך, וואָס האָט זיך געשאָטנט און געשטראַלט פון זיך אַליין. אַ לעבן, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אַזוי נאַיוו אין אַ וועלטשפּיגל, און דו ווייסט נישט, פונוואַנען קומט דער קנייטש, דער שאָטן— פון דעם שפּיגל אָדער פון דעם, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ.

עס האָט באַרואיקט, עס האָט איינגעשלעפערט, ווי די מעשיות, וואָס דער זיידע פלעגט דערציילן. אַן אייגנאַרטיקער ריטם, גלייך, אָן הפסקות, אָן קאָנטראַסטן, אָן דערהייבונגען און נידערונגען, דער שיין פון אַמאָל, דער שיין פון עפּישער פשטות. דער דערציילער האָט געהאַט צייט, דער צוהערער אויך. קיינער האָט זיך נישט געאיילט. דאָס לעבן אויך נישט. אָן מהומות, אָן פּסיכאָלאָגישע רעטענישן און אָן אויסטייטשונגען. ברייט און גלייך — און איז געקומען אינמיטן אַ מכשול — האָט עס געפירט צו טראַגיזם. אַ לעבן, וואו עס איז געווען אַן אָנהייב און אַ סוף און אַ מיטן. אַ לעבן, וואָס האָט געהאַט אַ סדר און איז געווען אַ המשך. און אַ לעבן, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט.

אפשר איז דאָס בלויז אַ השערה, אַ ליטעראַרישע אידעע. אָבער מיר דאַכט זיך, — ווי זייער ווייניק איך האָב געלייענט פון מ. ספּעקטאָר,—אַז ער איז געווען דער איינציקער יידישער שריפטשטעלער, וואָס האָט הייס, נאַיוו, פולבלוטיק ליב געהאַט די וועלט. אָט די וועלט פון שוואַרצער ערד און כמאַרנעם, גרויען אָדער בלויען הימל. אָט די וועלט, וואו עס גייט אַרויס אַ רויך פון די קוימנס פאַרנאַכט, וואו עס ווערן געמעקקט קי און געקוילעט עופות, וואו קליינע קינדער שרייען, ווען מען זויגט זיי, און יונגע מיידלעך טאַנצן אויף חתונות. די וועלט

פון פלייש און בלוט, די וועלט פון ממשות. אַנדערע האָבן זי געוואָלט „פאַרטיפן״, אויסטייטשן,—פאַר אַנדערע איז זי געווען אַ משל און אַ טעמע,—פאַר ספעקטאָרן איז זי געווען אַ ווירק־לעכקייט. נישט אויסצושעפּן — אָבער אויך נישט אוממעגלעך.

דער יידישער קאַנדיד—וואָס האָט בלויז איין פילאָזאָפיע: פלאַנצן זיין גאָרטן און לעבן.

און דערווייל דער לעצטער קאַנדיד, דער לעצטער גע־זונטער, פרישער, ערד־צוגעוואַקסענער שרייבער.

און איך גלויב, אַז אַמאָל — ווען דאָס יידישע לעבן וועט זיין איינגאַנצן איינגעוואָרצלט און איבערגעפלאַנצט — וועט מען אַרויסנעמען פון די ארכיוון דעם אַלטן ספעקטאָרישן שפּיגל, דעם מאַגישן שפּיגל מיט דער פאַרפישופּטער וועלט — און מען וועט זיך ווידער אין אים איינקוקן—און זי וועט ווידער לעבעדיק ווערן. און מענטשן וועלן ווידער אַמאָל זיך פאַרחלומען איבער די אַלטע פאַרגעלטע בלעטלעך פון ספעקטאָרן, ווי איך אַצינד. חלומען פון וואַרעמע זומערנעכט און ווייסע טייכן און דער זיסער טרויערקייט פון דעם אוקראַיניש־יידישן לעבן אין זיין אידילישער רו, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט מער אומקערן.

# אַ וואָרט אויף זיין פרישן קבר.

## דר. א. מוקדוני.

דער לעצטער פון דער גרויסער גרופּע יידישע שריפט-שטעלער, פון דער גרופּע גיגאַנטן, פון דער גרופּע — מענ-דעלע, פּרץ, שלום-עליכם — און ספּעקטאָר איז אַוועק פון אונז.

עס איז געווען דער גהעסטער און שענסטער אָנהייב פון פון אַ ליטעראַטור.

דער אָנהייב אַזוי גרויס, אַזוי וואונדערלעך שיין —

גרויס און שיין, ווי מעשה בראשית — פון כאָאָס אַ ליטעראַרישע וועלט באַשאַפן געוואָרן, אַ גאַנצע, אַ פאַרביקע און אַ פעסטע ליטעראַרישע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן.

אַזוי ווי מען דערציילט וועגן דעם גרויסן צדיק: ווי נאָר ער איז אויף דער וועלט געקומען, האָט ער קלאָר און דייטלעך אויף דעם מילך פון זיין מוטערס ברוסט אַ ברכה געמאַכט.

די ליטעראַטור אונזערע, ווי זי האָט נאָר די וועלט דער-זען, האָט זי אויף איר אַזוי שאַרף און אַזוי כוונהדיק אַ ברכה געמאַכט.

עס איז געווען אַ וואונדער, אַ נס.

מרדכי ספּעקטאָר איז געווען אַ טייל פון דעמדאָזיקן וואונדער.

ער האָט נישט פאַרמאָגט די טיפע פּקחות פון זיידן מענדעלען, ער האָט נישט געהאַט דאָס פייער, די שטראַליקייט

און בלענדנדיקע בליציקייט פון פרצן, ער האָט נישט פאַרמאָגט דעם ליכטיקן און געניאַלן הומאָר פון שלום-עליכמען און ער איז געווען פונדעסטוועגן איינער פון דערדאָזיקער פּרעכטיקער גרופּע. ער האָט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין איר, ער איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט איר.

צווישן די גדולים, צווישן די גרויסע גייסטיקע אַריסטאָקראַטן האָט דאָס פאָלק געהאַט איינעם פון זײַנע, איינעם פון זײַנע געזונטע און קערנדיקע מענטשן.

מרדכי ספּעקטאָר איז געווען דער גרויסער פּאָקסמענטש.

אַ פּשטן איז ער געווען.

זײַן מוח האָט זיך נישט געבראָכן און נישט געקנוילט אַקראָבאַטיש אויף די טראַפּעציעס פון פּלפּול. דאָרט, אין זײַן מוח, איז געווען לויטערע מיושבדיקייט, שטילע, פּשוטע קלוגקייט, געזונטער פאַרשטאַנד און רואיקע לאָגיק.

פרעמד זענען אים געווען גייסטיקע קונצן, מוחשער סאַלטאָ-מאָרטאַלע, שפּיציקייט, שטורמישקייט און ראַפינירטער קינסטלערישער קאַפּריז.

ער איז אַזוי פעסט, אַזוי זיכער געגאַנגען אויף גאָטס ערד, ער איז אַזוי רואיק, אַזוי גלײַך געגאַנגען צווישן מענטשן; ער האָט נישט געוואוסט פון פאַרדרייטע וועגן און צעקרימטע שטעגן; ער האָט נישט געזוכט קיין הינטערטירן אין לעבן; ער האָט קיין הוילן אונטער דער ערד נישט געפילט און אויף קיין מיסטישע סודות זיך נישט אָנגעשטויסן.

ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף גאָטס וועלט און האָט זיך געננחתט...

עס איז גוט צו זײַן אַ מענטש, עס איז גוט צו לעבן מיט מענטשן און עס איז אַזוי וואויל צו זײַן איינער פון די פיל מיליאָנען, וואָס ווידמען זיך אין דעם שויס פון דער מאַמע ערד.

ער איז געווען דער שענסטער עולם-הזהניק צווישן אונז,

ווייל ער האָט דאָס לעבן ליב געהאַט, אַזוי פּשוט און אַזוי ערלעך ליב געהאַט.

איך ווייס נישט, צי אַ צדיק קען אַזוי שיין און אַזוי הייליק ליב האָבן יענע וועלט.

ער איז געווען אַזוי פֿאַרליבט אין דער וועלט, ער איז איר געווען אַזוי געטריי, אַז ער האָט אין איר געזען אַלע וועלטן.

ער האָט זיך נישט געבונטעוועט, ער האָט זיך נישט געמרה־שחורהט און האָט אין דער וועלט, ווי אַ דורכגעטריבע־נער מבין, קיין חסרונות נישט געזוכט.

און אַמאָל פֿלעג איך זיך וואונדערן און פֿרעגן: וויאַזוי קומט צו אונז, צו אונז, נערוועזע, צו אונז, פֿאַרביטערטע, צו אונז, אייביקע בעלי־טענות און בעלי־תביעות, אַזאַ פּשוטער, אַזאַ געזונטער, אַזאַ אָנמיחושדיקער און אַזאַ אָפּטימיסטישער מענטש?

אַ נס איז ער געווען אין אונזער ליטעראַטור און אין אונזער לעבן!

* * *

ער איז געווען דער ליבסטער, דער האַרציקסטער אָפּ־טימיסט.

וועגן די שווערסטע און די ביטערסטע מאָמענטן פֿון זיין לעבן פֿלעגט ער רעדן מיט אַ גוטן שמייכל ווי וועגן האַרציקע אַנעקדאָטן, ווי וועגן ליבע קאַפּריזן פֿון דער וועלט און מענטשן.

איך האָב אים גאָענט געקענט אין וואַרשע, איז ער דאָרט געווען פאַרליבט אין וואַרשע. ער איז געווען אין אָדעס, האָט ער ליב געהאַט אָדעס, און די לעצטע יאָרן, אין אַמע־ריקע, איז ער געווען איבער די אויערן פאַרליבט אין אַמעריקע.

ער איז געווען אַ גרינער, האָט זיך אַ ביסל געשראָקן פאַר אַמעריקע. ער האָט זיך געשראָקן פאַר איר און זי ליב געהאַט, טאַקע דערפאַר נאָכמער ליב געהאַט.

און ווער האָט נאָך אַזוי ליב געהאַט די שרייבערישע פראָפעסיע, ווי מרדכי ספעקטאָר!

אַ גליקלעכער שמייכל פלעגט שפילן שטענדיק אויף זיין געזיכט.

איך בין דער גליקלעכסטער, איך בין אַ שרייבער, איך זע אויף גאָטס וועלט טויזנט מאָל מער, ווי אַנדערע געוויינ־לעכע מענטשן. איך זע אַזויפיל, אַזויפיל, און קען עס אַלץ אָנשרייבן.

איך האָב אַזויפיל אויגן—אַלץ זע איך...

ער איז אין לעבן געווען אַזוי ווייניק שרייבער און האָט מער פאַר אַלע שרייבער ליב געהאַט די שרייבעריי.

ער איז געווען דער גליקלעכסטער שרייבער, ווייל ער האָט די שרייבעריי ליב געהאַט...

ווער איז גליקלעכער פון דעם פאַרליבטן?

ער האָט ליב געהאַט די מענטשן, וועגן וועלכע ער האָט געשריבן. ער האָט קיינעם נישט באַליידיקט, קיינעם נישט וויי געטאָן, קיינעם נישט דערנידעריקט און קיינעם נישט אויסגע־לאַכט אין זיינע ראָמאַנען און פעליעטאָנען.

זיין הומאָר איז געווען גוטהאַרציק, פאָטערלעך, ברודער־לעך און אינטים.

ער קלאַפּט איבערן פּלייצע זיינע העלדן און זיינע פאַר־שוינען גוטמוטיק: דו ביזט אַ ביסל קאָמיש, איך בין אַ ביסל קאָמיש, לאָמיר שפּאַסן, לאָמיר זיך לוסטיק מאַכן.

און אַמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז גאָר קיין ייד נישט.

פון די שטילע, נחתדיקע און צעפרידענע אוקראַינער פעל־דער האָט פאַרבלאָנדזשעט צו אונז אַ געזונטער, אַ פעסטער און אַ ברייטבייניקער אוקראַינער בעל־גוף, האָט זיך אויסגעמישט מיט אונז, לעבט מיט אונז, רעדט אַזוי ווייך און אַזוי פאַרביק אונזער שפּראַך, און דער ברייטער שמייכל איז נישט פאַרפינ־סטערט געוואָרן, די האַרציקע גוטמוטיקייט איז נישט צערגזנט געוואָרן און דער אַפּעטיט צום לעבן איז בײַ אים נישט קאַליע געוואָרן...

עפּעס גאָרנישט קיין ייד, עפּעס אַ פרעמדע מזל־ברכה איז געקומען צו אונז.

און אַלע האָבן ליב געהאַט דעם פּשוטן מענטשן מיטן גרויסן געבענטשטן טאַלענט.

אַלע האָבן אים ליב געהאַט, ווייל ער האָט אַלעמען ליב געהאַט.

ער איז געווען איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע שריי־בער, און ער האָט געהאַט דאָס גרויסע גליק צו זיין פּאָפּולער ביז זיינע לעצטע יאָרן. ער איז נישט אַלט געוואָרן, ער איז געווען יונג און פריש ביז זיינע לעצטע טעג.

* * *

וויאַזוי איז ער געשטאָרבן—דער, וואָס האָט אַזוי גע־זונט און אַזוי געטריי ליב געהאַט דאָס לעבן?

וויאַזוי האָט ער זיך געשיידט מיט דעם אַזוי הייס גע־ליבטן לעבן?

דאָס איז געווען די איינציקע גרויסע דראַמע זיינע. ער האָט נישט געקלערט פון טויט, ער איז געווען אַזוי ווייט פון אים, ער איז געווען אַזוי פרעמד און אַזוי אומבאַקאַנט, און אַט איז ער געקומען און האָט אים די אויגן פאַרמאַכט.

אַ זייטיקער, אַ פרעמדער, קיינמאָל מיט אים און מיט זיינע שלוחים, די חלאתן, קיין מגע-ומשא נישט געהאַט.

דאָס לעבן האָט אים געשמייכלט כסדר.

ער איז געווען דער צעפרידנסטער ייד. וואָס ער האָט פאַרדינט אין לעבן, האָט ער באַצאָלט ביזן לעצטן גראָשן. קיינער האָט אים נישט באַגזלט נישט אין כבוד און נישט אין אנערקענונג. די וועלט איז געווען ערלעך צו אים, אַזוי ווי ער איז געווען ערלעך צו איר.

און דאָס פּאַסירט דאָך אַזוי זעלטן אין לעבן. מיר זענען כסדר דער וועלט עפּעס שולדיק, אָדער די וועלט איז אונז כסדר עפּעס שולדיק. עפּעס קענען מיר קיינמאָל נישט מושווה ווערן צווישן זיך, עפּעס קענען מיר זיך קיינמאָל נישט אויסגלייכן.

מרדכי ספּעקטאָר איז געווען שוה-בשוה מיט דער וועלט, ווייל ער האָט אָפן און ערלעך מיט איר געהאַנדלט, ביי איר קיין איבעריקע פּרוטה נישט פאַרכאַפּט און זי ביי אים אויך נישט.

דעם גרויסן צדיק איז די וועלט שטענדיק אַ בעל-חוב, דער גרויסער רשע איז דער וועלט שטענדיק אַ בעל-חוב. מרדכי ספּעקטאָר איז נישט געווען קיין צדיק און נישט קיין רשע, ער איז געווען אַ גאַנצער מענטש, אַ געזונטער מענטש, אַ מענטש מיט אַלע חושים.

דעריבער איז ער געווען דער קליגסטער צווישן קלוגע און דער ערלעכסטער צווישן ערלעכע, ווייל ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט עמעצן איבערקליגן און איבערערלעכן.

אַ זעלטענער מענטשן-עקזעמפּליאַר צווישן אונז, שרייבער און יידן.

איינער פון די פּאָפּולערסטע שרייבער, האָט ער זיך קיינמאָל נישט געע׳רב׳לט, ער האָט זיך נישט אַרומגעשטעלט מיט גדלות־דיקע מחיצות, אַז קיינער זאָל צו זיין מאַיעסטעט דעם שרייבער נאָענט נישט קענען צוקומען.

אין וואַרשע, אויף די נאַלעווקיס, פלעג איך אים אָפט זען אַרומשפּאַצירנדיק מיט באַבייכלטע סוחרים, אַמאָל מיט באַלעבאַטים און אַמאָל מיט אַרבעטער. ער האָט געקענט מיט אַלעמען רעדן, ווייל ער האָט פאַרמאָגט די גרויסע פּאָקס־טימלעכע פּשטות, וואָס רעדט דייטלעך און פאַרשטענדלעך צו אַלעמען.

ער האָט פאַר זיך קיין באַזונדערע קעמערלעך אין לעבן נישט געבויט, קיין קרייזלעך נישט געשאַפן. ער איז אומעטום געווען אינדערהיים, אומעטום ביי זיך.

אין לעבן מיט אַלע חושים, נישט אויסערן לעבן און נישט איבערן לעבן.

ווייל אַלץ איז אים געווען ליב, פון אַלץ אין לעבן האָט ער געהאַט נחת.

און דאָ האָט דער טויט פּשוט באַגאַנגען אַ מאָרד — ביי אַזאַ לעבעדיקן מענטשן צונעמען דאָס לעבן...

* * *

ער האָט נישט געקאָכט, נישט געברענט, נישט געהאַוועט און נישט געשמייעט און מיט זיין שטילער רואיקער ענערגיע אויפגעטאָן פאַר דער יידישער ליטעראַטור מער, ווי אַנדערע פון אונז, וואָס קערן וועלטן, וואָס פילדערן און שרייען.

ער איז דער ערשטער יידישער שרייבער, וואָס גיט אַרויס דעם ערשטן ערנסטן ליטעראַרישן זשורנאַל דעם „הויז-פריינד". ער איז דער איינציקער יידישער שרייבער, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע טעגלעכע צייטונג.

מענדעלע, פרץ, שלום-עליכם און אַנדערע האָבן עס נישט געקענט האָבן, ווייל זיי זענען געווען צופיל שרייבער. ספעקטאָר איז אָבער געווען אויך אַן ענערגישער און פראַקטישער מענטש.

און האַרמאָניש איז עס אין אים געווען צונויפגעגאָסן: דער פראַקטישער מענטש האָט נישט געחוזקט פון שרייבער און דער שרייבער האָט נישט געהאַט קיין ביטול פאַרן פראַקטישן מענטשן.

עס איז געווען אייביקער שלום אין אים.

ביים שרייבטיש אַ שרייבער און אין גאַס אַ פראַקטישער מענטש.

ער האָט געוואוסט, אַז פון שרייבטיש דאַרף דאָס ביכל אַרויס אין גאַס צום דרוקער, צו בוכהענדלער; פון שרייבטיש לאָזט זיך דאָס שיינע ביכל אין מאַרק אַריין, עס קלינגען אַרום מטבעות און זייטיקע מענטשן קומען און טענטלען זיך מיט אים, ווי מיט אַ סחורה.

האָט ער זיין בוך באַגלייט אויפן מאַרק און האָט אַכטונג געגעבן, אַז אים זאָל קיין אומרעכט נישט געטאָן ווערן. ער איז פעסט געגאַנגען אויף דער ערד און האָט פונדעסטוועגן געפילט דעם הימל איבער זיין קאָפּ.

האָבן יידן, וואָס ווייסן דעם טעם פון געלט, געוואוסט, אַז מיט מרדכי ספעקטאָר קען מען האָבן געלט-געשעפטן, מען קען אויף זיינעם אַ וואָרט בויען, און דער עיקר — אויף זיינעם אַ וועקסל באַקומען געלט.

און שרייבער האָבן געוואוסט, אַז ספעקטאָר איז אַ גוטער, אַ האַרציקער חבר און אַ גרויסער שריפטשטעלער.

איז ער אין צוויי וועלטן געווען געשעצט און געאכפּערט.

פינפאונפערציק יאָר האָט ער די פעדער פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט.



מיט די גרעסטע און די בעסטע שריפטשטעלער אונזערע האָט ער געמאַכט דעם גרויסן אָנהייב פון אַ ליטעראַטור. לויטן אָנהייב, לויט דער גרויסער התחלה האָבן מיר שוין באַדאַרפט האַלטן אַזוי ווייט...

ער האָט דעם ערשטן יידישן מאָדערנעם לעזער מיט זיינע אויגן געזען. עס האָט שוין באַדאַרפט זיין איצט אַ גרויסע מחנה אייניקלעך-לעזער און אַ גרויסע מחנה אייניקלעך-שרייבער.

נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט שריפטשטעלערישער אַרבעט און שאַפן האָט דער ליבער פעטער פון אונזער ליטעראַטור באַדאַרפט האָבן אַ שענערע און אַ רואיקערע עלטער.

דער פינסטערער גורל אונזערער האָט אים נישט גע-שאַנעוועט.

אויף די עלטערע יאָרן האָט ער געמוזט נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט און לאָזן זיך וואַנדערן.

און קיין וואַנדערער איז ער לחלוטין נישט געווען. עס האָט אים געצויגן איינצוואָרצלען זיך טיף און ברייט, צו זיין אַ תושב און נחתן זיך אין היימישקייט.

אויך אין דעם פּרט איז ער קיין ייד נישט געווען.

אויף די עלטערע יאָרן האָבן אים בויט און עלנט געטריבן קיין אַמעריקע, געקומען אַהער און האָט ליב באַקומען די זיכערקייט, דעם יוגנטלעכן ברען פונם אַמעריקאַנישן לעבן, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אַזוי יונג, אַזוי קרעפטיק, אַז ער הייבט אָן אַ ניי לעבן.

און דאָ האָט זיך דער טויט אונטערגעגנבעט און האָט אונטערגעזעגט אַ דעמב.

אַ דעמב איז געפאַלן, אַ געזונטער דעמב איז אונטער געהאַקט געוואָרן.

ווען ער וואָלט אין וואַרשע געשטאָרבן, וואָלטן צענדליקער טויזנטער יידישע לעזער, יידישע לעזער פון צוויי דורות, נאָך אים קדיש געזאָגט.

צענדליקער טויזנטער האָבן אים דאָרט, אין אייראָפּע, גע־לייענט און ליב געהאַט, פּשוט איינפאַך ליב געהאַט, אַזוי פּשוט און אַזוי איינפאַך, ווי ער האָט דעם יידישן לעזער ליב געהאַט.

דעם לעצטן פון אַ גרויסן דור שריפטשטעלער האָבן מיר באַגלייט צו דער אייביקער רו.

דעמבעס זענען אַלע געוועזן, און נאָך זיי קומט אַ דור פון שטרויעלע און בלימעלעך...

## דער ערשטער פון די לעצטע.

### כאראקטעריסטיק.

II

אין אלע ליטעראטורן איז אזוי — גראד די באשיידענע שטילע טאלענטן זענען די טיכטיקסטע בויער פון דער ליטע־ראטור, וואס טראגן די ציגל און דעם ליים, וואס גראבן טיף דעם פונדאמענט פאר דער געביידע.

אזא איינער איז געווען מרדכי ספעקטאר פאר דער יידישער ליטעראטור.

פון שמ״רן צו מענדעלען, פון שמ״רן צו פרצן, פון שמ״רן צו שלום־עליכמען וואלט געווען א צו געפערלעכער שפרונג, א צו האסטיקער איבערגאנג, א צו פלוצלונגער איבערברוך פאר דעם דעמאלטיקן נאיוון לעזער אונזערן. איז געקומען איינער, וואס האט געשאפן דעם בריק פון שמ״רן צו מענדע־לען, צו פרצן, צו שלום־עליכמען,—איינער, וואס האט אונטער־געשטעלט זיין פלייצע און געזאגט צום שרעקנדיקן יידישן לעזער: איבער מיר וועסטו איבערגיין צו עכטער, אמתער ליטעראטור.

מרדכי ספעקטארס ערשטע ראמאנען זענען דער שטופנ־ווייזער איבערגאנג פון דעם מעשה־ביכל צו ליטעראטור.

מענדעלע איז אַ נס, פּרץ איז אַ וואונדער, שלום-עליכם איז אַן איבעררעשונג, מרדכי ספּעקטאָר איז די נאַטירלעכע, לאָגישע, פאַרשטענדלעכע דערשיינונג אין דער דעמאָלטיקער עפּאָכע פון אונזער ליטעראַטור.

פון שמ״רס ראָמאַנען צו ספּעקטאָרס „יידישן מוזשיק״ איז דער איבערגאַנג אַזאַ נאַטירלעכער, אַזאַ פאַרשטענדלעכער, אַז איר זעט ממש, איר טאַפּט ממש אָן דעם אַנטוויקלונגס-פּראָצעס. פון ליטעראַרישן אלף-בית צום ליטעראַרישן „שעפּ-טשען״, פון שעפּטשען צו עברי און פון עברי ווייטער און ווייטער...

מרדכי ספּעקטאָר האָט דעם לעזער צוגענומען פון שמ״רן און האָט אים פאַר דער האַנט געפירט צו מענדעלען, צו פּרצן, צו דעם וואָלאָזשין פון דער יידישער ליטעראַטור.

און באַשאַפן און געבענטשט איז ער געווען פאַר דער-דאָזיקער גרויסער מיסיע; ער איז נישט געווען צו שאַרף, ער איז נישט געווען צו אָדלערדיק, ער איז נישט געווען צו ראַ-פינירט, ער האָט נישט געהאַט קיין צו גרויסע קינסטלערישע השגות און קיין צו דרייסטע קינסטלערישע קאַפּריזן. ער איז געווען דער פּרוזדור, וואָס פירט צום ליטעראַרישן היכל.

אָן ספּעקטאָרן וואָלט געבליבן אַ בלויז אין דער אַנט-וויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. עס וואָלט געפעלט אַ רינגעלע אין דער קייט.

* * *

אינגאַנצן אָן נסים גייט עס ביי אונז אָבער נישט, — און ספּעקטאָר איז אויך געווען אַ נס.

אַ פּשוטער מענטש, ווייניק געלערנט, ווייניק געקעמפט, ווייניק געווייטיקט, ווייניק געשטורעמט און ווייניק זיך געטומלט אין אונזער ברויזנדיקן לעבן.

קומט ער און זעצט זיך אַוועק אין איין מסבה מיט אַזעלכע גאָט-געבענטשטע גרויסע טאַלענטן און שטורמער, ווי מענדעלע, פּרץ, שלום-עליכם, און ווערט איינער פון די זיילן פון אונזער ליטעראַטור.

איך האָב אים יאָרנלאַנג נאָענט געקענט און צוזאַמען מיט אים אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין אַ צייטונג, און ער איז כסדר געווען פאַר מיר אַ רעטעניש,—דאַכט זיך, אַ באַלעבאַטישער מענטש מיט קאַזיאָנע און שאַבלאָנע באַגריפן פון לעבן, און מיטאַמאָל אַזאַ קלאָרע, אַזאַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור. דאַכט זיך, אַ מענטש מיט אַ מאָגערן געשמאַק פאַר קונסט—און מיטאַמאָל אַזאַ ראַפינירטקייט און מייסטערשאַפט אין דער נאָוועלע!

מיט פערציק יאָר צוריק, כמעט ביי די ערשטע אומזיכערע טריט פון דער יידישער ליטעראַטור, איז ער דער ערשטער רעדאַקטאָר פון די ערשטע ערנסטע זאַמלביכער ביי יידן.

די ערשטע זאַמלביכער זענען פון אַזאַ גרויסן און ערנסטן פאַרנעם, אַז איר שטייט פאַרוואונדערט פאַר זיינע גרויסע השגות. אַ גרויס דורכגעדאַכט פּראָגראַם זעט איר פאַר זיך, ברייט, פאַרצווייגט איז דאָס פּראָגראַם, עפּעס אַ פּראָגראַם מיט נביאישער וואָרזאָגעריי פאַר דער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַרישער און קולטורעלער אַרבעט אונזערער.

דאָרט האָט איר די ערשטע אַרבעט אויפן געביט פון יידישן פאָלקלאָר, דאָרט האָט איר דעם ערשטן היסטאָרישן ראָמאַן פון אים אַליין, „דער בעל-שם-טוב״, אין וועלכן איר זעט אַ נייע שטעלונג צום חסידיזם; דאָרט זעט איר די ערשטע יידישע נאָוועלע, דאָרט לייענט איר דעם ערשטן אָריגינעלן

וויסנשאַפטלעכן אַרטיקל אויף יידיש, דאָרט באַווייזט זיך צום ערשטן מאָל די יידישע ליטעראַרישע קריטיק.

איר בלעטערט די אַלטע זאַמלביכער, די „הויז־פריינדס״, און איר זעט בחוש די עמבריאָ, פון וועלכער עס האָט זיך אַנטוויקלט אונזער ליטעראַטור און אונזער מאָדערנע קולטור.

ווי קומט עס צו מרדכי ספּעקטאָרן?

ערגעץ באַהאַלטן און פאַרהוילן איז געלעגן גרויסקייט אין דעמדאָזיקן פּשוטן מענטשן.

* * *

ער איז נישט געווען קיין יידישער אינטעליגענט, ער איז נישט צעבראָכן געוואָרן פון וויסטע אַנטוישונגען, ער איז נישט צעבערעקלט געוואָרן פון אַ האַלב טוץ פאַרשידענע קולטורן.

אין דעם ברען פון דער השכלה־עפּאָכע איז ער געקומען אויף דער וועלט און האָט די גרויסע, הייליקע מלחמה נישט דורכגעמאַכט, מיט משכּילים געלעבט און איז קיין משכּיל נישט געווען.

אַ געזונטער, אַ קערנדיקער פאָלקסמענטש איז ער געווען.

יידישקייט איז ביי אים נישט געווען קיין קראַנקער פינ־גער, וועלכן מען פילט כּסדר און מען דאָקטאָרט אים כּסדר, יידיש לעבן איז געווען זיין לעבן, נישט קיין אָרעמער מלבוש, וועלכן מען טוט אָן צוליב מאַרטירערשאַפט.

דאָס איז די גרויסע פּשטות פון דעם פאָלקסמענטש, — אַזוי ליכטנדיק אָפּטימיסטיש, אַזוי פעסט און זיכער, אַזוי פּשוט קלוג.

מרדכי ספעקטאָר איז געווען דער גרויסער פּשטן אין אונזער ליטעראַטור.

זיין סטיל איז טאַקע אָרעמלעך, ער איז נישט בליציק, נישט פאַרביק, אָבער דערפאַר אַזוי קלאָר, אַזוי זיכער און אַזוי אָפן. דאָס וואָרט איז ביי אים נישט קיין שלייער צו פאַרדעקן און פאַרנעפּלען דעם געדאַנק. פאַרקערט, מיטן וואָרט וויל ער אינגאַנצן אַנטבלויזן דעם געדאַנק.

איז ער טאַקע אַמאָל צו אָפן ביי אים און אַמאָל צו נאַקעט... און אַזוי זענען זיינע טעמעס; אָפן, אָפן אָן אַ פאַר־שטעלטער כוונה, אָן אַ פאַרהוילענעם חנדל און אָן אַ פאַר־דרייטן קאַפּריז.

דאָס לעבן פון די דראָבנע מענטשעלעך אין אונזער לעבן האָט ער כסדר באַשריבן.

ער איז נישט געווען קיין טאָלסטאָי, וואָס האָט באַדאַרפט אָנטאָן אַ סערמיינקע און גראָבע שטיוול און אַראָפּלאָזן זיך אין דעם עולם התחתון זוכן גרויסקייט ביי די דראָבנע מענטשעלעך.

ניין, מרדכי ספעקטאָר איז געווען מיט זיי היימיש. ער איז אַליין געווען איינער פון פאָלק, נישט בלשון מליצה, נאָר טאַקע אין דעם פּשוטן זין פון וואָרט, נישט קיין „אחד העם״ אַלס פּסעוודאָנים, אונטער וועלכן עס באַהאַלט זיך אַ גייסטי־קער אַריסטאָקראַט, אַ מופלג און אַ מענטש מיט אַ ברייטער און טיפער בילדונג.

אמת, אין אונזער ליטעראַטור זענען פאַראַן זייער פיל שרייבער פאָלקסמענטשן, מער ווי אין יעדער אַנדערער ליטע־ראַטור, אָבער דאָס זענען מיינסטנס וואונדערקינדער, וואָס איבעראַשן די וועלט, ווען זיי זענען זייער יונג, וואָס בליצן אויף און ווערן פאַרשוואונדן, אָדער ווערן דערנאָך גרויע ליטע־ראַרישע בעלי־מלאכות.

מרדכי ספעקטאָר איז קיינמאָל קיין וואונדערקינד נישט געווען. ער האָט זיך באַוויזן אין דער ליטעראַטור מיט אַ

שטילער, אָבער פעסטער באַשיידנקייט און האָט שטיל און באַשיידן געאַרבעט גאַנצע פינפאונפערציק יאָר.

* * *

ער איז געווען אַ גרויסער ליטעראַרישער האָרעפּאַשניק; שרייבעריי איז געווען זיין באַשעפטיקונג, ער האָט פון קיין אַנדערער באַשעפטיקונג נישט געוואוסט און נישט געוואָלט וויסן.

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ליטעראַטור געמאַכט פאַר אַ באַשעפטיקונג און נישט פאַר קיין זייטיקער, נעבנזאַכלעכער באַשעפטיקונג.

פרץ האָט ביז דעם לעצטן טאָג זיינעם געהאַט אַן אַנדער פּרנסה, עפּעס אַ וואָכעדיקע, אַ גרויע, וואָס האָט לחלוטין נישט געהאַט קיין שייכות צו ליטעראַטור.

ליטעראַטור איז געווען זיין שבת. עס איז פאַר אים נישט געווען קיין מלאכה, עס איז געווען פאַר אים אַן עובדה. צופיל קאַפּריז איז ער געווען, צופיל שטימונגסמענטש אין דער ליטעראַטור און צופיל דיכטער איז ער געווען.

מענדעלע, דער פּקח, האָט דער ליטעראַטור נישט געטרויט, ער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף איר, אַז די שלים־מזלניצע וועט זיין זיין שפּייזעריין.

שלום־עליכם האָט געוואָלט זיין אַ מעצענאַט פון דער אָרעמער ליטעראַטור, נאָר די נויט האָט אים געטריבן, אַז ער זאָל זיך לאָזן שפּייזן פון דער אָרעמינקער און שוואַכער.

ספּעקטאָר איז דער ערשטער שרייבער ביי יידן, וועלכער האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט טייקן זיין לעבן אויף

וואָך און שבת. ער איז נישט געווען דער מענטש, וואָס קען טאָן בכלל צוויי מלאכות. איז שריפטשטעלעריי געוואָרן אי זיין וואָך אי זיין שבת. האָט ער פון קיין אַנדער באַשעפטיקונג נישט געוואוסט אין זיין לעבן אויסער שרייבעריי.

ער איז אַוועק פון דער וועלט און האָט נאָך זיך קיין חובות און קיין תּרעומות נישט געלאָזן און די ליטעראַטור, די יידישע ליטעראַטור, צו וועלכער יעדער יידישער בחורל, וואָס האָט אָנגעשריבן עטלעכע לידלעך, אָדער סקיצן, האָט גרויסע טענות און תּביעות, איז אים אויך נישט געבליבן שולדיק.

זי האָט אים קיינמאָל נישט געקריוודעט נישט אין כּבוד, נישט אין אַנערקענונג און נישט, חלילה, מאַטעריעל — ווי צוויי פאַרליבטע האָבן זיי געלעבט און זיך צעשיידט.



דער שרייבער מרדכי ספּעקטאָר איז געווען אַ שיינער מענטש און מיט דעם דערקלערט זיך זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט צווישן די ברייטע יידישע מאַסן.

יידן האָבן כּסדר געליבט און געשעצט דערעיקרשט דעם מענטשן, די פּערזענלעכקייט און נישט די אויסערלעכע פלינקייט און בריהשקייט אין דער מלאכה פון שרייבן.

אַ ספר איז געווען הייליק, נישט מחמת ער איז שיין אָנגעשריבן, נאָר ווייל אַ צדיק, אַ ריינער און הייליקער מענטש, האָט אים אָנגעשריבן.

אַפילו אַ ספר־תּורה־שרייבער, וואָס איז בלויז אַן איבער־שרייבער, אַן אָפּקאָפּירער, האָט באַדאַרפט זיין אַ צדיק, איינער, וואָס שרייבט יעדן אות בדחילו ורחימו און כּוונה.

און אין ספעקטאָרן האָט דער יידישער לעזער דערפילט דעם ריינעם, דעם ליבן פאָלקסמענטשן, וואָס האָט אַזוי פשוט און ריין ליב געהאַט די וועלט און אירע באַשעפעניש.

די לויטערע, אָפטמאָל נאַיווע ליבע, שטראָמט אַרויס פון יעדער שורה, וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

זיין הומאָר אַפילו איז געווען אַ גלעטנדיקער, אַ פּאָ-טערלעכער און אַ האַרציקער. ער האָט מענטשן נישט אויסגע-לאַכט מיט בייזקייט, חלילה. ער האָט גוט-ברודעריש געשפּאַסט, זיך געוויצלט, קלאַפּנדיק איבער דער פּלייצע.

און ווען ער האָט ערנסטע ראָמאַנען געשריבן, ווען ער האָט דאָס שווערע ביטערע לעבן געשילדערט, איז דאָרט אויך נישט געווען קיין בייסנדיקער האַס, קיין ביטערער מוסר און קיין ברענענדיקער גרימצאָרן.

אַ שטילע, ליבע מעלאַנכאָליע האָט אַלץ פּאַרשלייערט, מעלאַנכאָליע, געמישט מיט האַרציקער סענטימענטאַליטעט, מע-לאַנכאָליע, דורכגענומען מיט ליכטיקער האָפענונג און גלויבן אין מענטשן.

עס איז נישט קיין פּאַרזיסטע און נישט קיין פּאַר-תחינהטע מעלאַנכאָליע. עס איז דער שטילער צער פון אַ גע-זונטן און לעבעדיקן מענטשן.

אַ געזונטער, קערנדיקער פּאָלקסמענטש האָט גענומען די פעדער אין האַנט, האָט זי געהאַלטן ריין און ערלעך גאַנצע פינפאונפערציק יאָר!

און אָט זעט איר דעם כּוח פון דעם פּאָלקסמענטש, פון דעם אייביקן האָרעפּאַשניק: ער איז געקומען אין דער ליטע-ראַטור נישט פלירטעווען, נישט חנדלען זיך, נישט שפּילן זיך און נישט בן-יחידיש קאַפּריזעווען.

ער איז געקומען אַרבעטן שווער און ערנסט, מיט פּאַר-געניגן און מיט גרויסער איבערגעגעבנקייט.

גיט ער אַרויס, דער פּשוטער מענטש, די ערשטע זאַמל-ביכער, ער, דער שטילסטער, שאַפט און רעדאַקטירט גוטע און

ערנסטע וואָכנבלעטער, ער, דער באַשיידענער אין דער משפּחה פון גרויסע קעפּ, פון גרויסע שטורמער, אָרגאַניזירט טעגלעכע צייטונגען, רעדאַקטירט זיי און שרייבט אין זיי.

קיין יידישער שרייבער האָט נישט אַרויסגעוויזן אַזויפיל פּראַקטישן אָרגאַניזאַטאָרישן זין, ווי מרדכי ספּעקטאָר.

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט די שעמעוודיקע יידישע ליטעראַטור אַרויסגעפירט אין דער גרויסער וועלט.

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַר איר די ערשטע וועקסלען אונטערגעשריבן און איר מיט דער סוחרישער וועלט פאַרבונדן.

ער האָט דעם ערשטן האָנאָראַר דעם יידישן שרייבער אויסגעצאָלט.

און ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער מאָמענט אין זיין לעבן.

שרייבעריי ווערט אויס ליבהאָבעריי, זי ווערט אויס שטיפעריי פון באַלעבעסלעך אויף קעסט. זי ווערט אויס קינדער־שפּיל, זי ווערט אַ סחורה, אַן אַרטיקל, וואָס איז עובר לסוחר! אַ סימן, אַז יידן דאַרפן עס האָבן, יידן וואַרפן נישט קיין געלט גלאַט אין דער וועלט אַריין...

* *
*

עס איז אַרומגעגאַנגען צווישן אונז איינער מיט ברייטע פּלייצעס און מיט פעסטע זיכערע טריט, און עס איז אונז אַלעמען געווען גוט. קעפּ גרויסע האָבן מיר געהאַט גענוג, אָבער ברייטע פּלייצעס, געזונטע פּלייצעס האָבן מיר געהאַט ווייניק.

איז אונזער ליטעראַטור באַשערט געווען צו האָבן ביי אירע ערשטע טריט אַזעלכע ברייטע פּלייצעס, ווי מרדכי ספּעקטאָרס, און זיכער האָבן מיר זיך עפּעס געפּילט, גוט איז אונז געווען צו האָבן אַזאַ גליקלעכן, אַזאַ צופרידענעם האַרע־פּאַשניק אין דער משפּחה.

דער געזונטסטער פון אַ גרויסן דור איז אייזעק.

# דער לעצטער.

ב. צ. גאָלדבערג.

I

ער איז געווען דער לעצטער.

דער לעצטער דעמב אין וואַלד, וואו דער טויט האָט אַזוי גרויזאַם און שנעל אויסגעלייגט די ביימער איינס נאָכן אַנדערן.

דער לעצטער פון אַן עפּאָכע, וואָס איז אַוועק. די שענ־סטע עפּאָכע אין דער יידישער ליטעראַטור — אַן עפּאָכע פון שאַפן און גלויבן, גלויבן אין זיך, אין די אייגענע ווערק און אין פאָלק, פאַר וועמען זיי האָבן געשריבן.

ספּעקטאָר האָט נישט געחלומט צו זיין אַ רבי. קיינער האָט זיך נישט אָנגעגעבן פאַר זיינעם אַ תּלמיד. אָבער אינ־דירעקט האָט ספּעקטאָר געהאַט זיין איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור.

אפילו אין די לעצטע יאָרן, אפילו אין אַמעריקע. מיט זיין עקזיסטענץ אַליין האָט ער אויף אונז געווירקט — מיט זיין זיין צווישן אונז. מיט זיין כּסדרדיקן דערמאָנען אונז אין יענער גאָלדענער צייט, וואָס איז אונז פאַרויסגעגאַנגען.

ווען מיר האָבן געקוקט אויף זיין ליכטיקן פּנים, אין די שאַרפע, ברענענדיקע אויגן, האָבן מיר געזען נישט נאָר דעם הארציקן, ליבן ספּעקטאָרן, נאָר זיין גאַנצן דור:

פּרצן און שלום-עליכמען און מענדעלען און פרוגן און דינעזאָנען.

אין צייטן פון אומעט און צווייפל עפנט דער כינעזער זיין שאַפע און קוקט אויף די וואַזעס אַש פון זיינע עלטערן.

מיר האָבן דאָ ווייניק צייט, רו און מוט צו גיין אין יענע שווערע מינוטן צו די גרויסע, וואָס האָבן אונזער גייסטיקע וועלט געבויט.

ספּעקטאָר, שוין מיט דעם אַליין, וואָס ער האָט געלעבט צווישן אונז, איז געווען אונזער גרויסער דערמאָנער — ער האָט אונז דערמאָנט אין אונזער גאָלדענער פאַרגאַנגענהייט. ער פלעגט אונז געבן מוט אויף דער צוקונפט.

קוקנדיק אויף אים, האָבן מיר געפילט די קייט, וואָס אונז בינדט צום עבר.

איצט איז ער אַוועק. די קייט האָט זיך איבערגעריסן. דאָס לעצטע בלעטל איז אָפּגעשריבן.

ספּעקטאָרס לעצטער אָטעם האָט, ווי געזאָגט:
תּם ונשלם. מאַכט צו דעם ספר
נתפרדה החבילה.

• •
•

ספּעקטאָר איז געווען דער לעבעדיקסטער פון אונזערע שרייבער. דער יינגסטער פון די יונגע.

ער איז געווען, ווי אַ יונג קינד, וואָס זעטיקט זיך קיינ-

מאָל נישט אָן מיט אויסערלעכע איינדרוקן. ער האָט אַלץ געוואָלט וויסן, אַלץ זען, אומעטום זיין.

אַמאָל האָט ער מיך געבעטן:

„אַז איר גייט ערגעץ, נעמט מיך מיט. אַט אַוואו איר זאָגט נישט גיין, אַט אַוואו נאָר איר ווילט, און ווען נאָר איר ווילט. נעמט מיך מיט. איך גיי מיט אייך. גייען מיר?"

ביי אים איז געווען גערעדט און געטאָן.

ער האָט זיך געלערנט ענגליש, געשטודירט די אַמעריקאַנער געשיכטע און געפּלאַנט נאָכאַמאָל צו פאָרן צוריק קיין וואַרשע.

דאָ האָט ער זיך געפילט אַ ביסל ווי געבונדן. ער האָט געוואָלט זיין אַקטיוו, „קערן אַ וועלט".

ביז אויפן טויטנבעט האָט ער נאָך אַלץ געהאָפט צו האָבן דאָ אַן אייגענע צייטונג.

עטלעכע טעג פאַרן טויט, ווען ער האָט זיך געפילט בעסער, האָט ער נאָך גערעדט פון דעם, און באַשטימט אַן אָפּטיילונג אין דער צייטונג פאַר זיין שוואָגער, דוד פּינסקי.

און דאָס איז געווען נישט גלאַט פאַנטאַזירט — וואָלט ער געקענט מער ענגליש, אָדער אים וואָלט געווען גרינגער אויף די פיס, בין איך בטוח, אַז ספּעקטאָר וואָלט נאָך ביי אונז געהאַט אויפגעבויט אַ נייע צייטונג.

ער איז געווען דער אמתער צייטונגס-מענטש. איך קען נישט פאַרגעסן אַן אינצידענט. איינמאָל, אין אַ רויען פרימאָרגן קומט מיר אויס צו פאָרן גאַנץ פרי אויף איסט בראָדוויי.

איך קום אַראָפּ פון קאַנעל סטריט-סטיישאָן, ערשט איך באַגעגן ספּעקטאָרן.

מיר האָט עס איבערראַשט און ספּעקטאָר האָט זיך געפילט, ווי איך וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ גנבה.

„ווי קומט איר אַהער אַזוי פרי?"

שווערט ער זיך, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל. און טענעט, טאָמער פאָרט ער יאָ אַמאָל פרי, מוז איך אים דאָס

כאַפּן. ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן: ס'איז דעמאָלט געשטאָרבן מאַרטאָוו, ער האָט אים געקענט גאַנץ גוט, אים און זיין פאַמיליע, האָט ער תיכף אָנגעשריבן אַן אַרטיקל און דאָס געבראַכט אין זיין רעדאַקציע אין „טאגעבלאַט", כדי עס זאָל באַלד אַריין.

דער אַלטער ספּעקטאָר האָט געהאַט דעם ערשטן אַרטיקל אין דער היגער יידישער פּרעסע וועגן מאַרטאָוון.

ער האָט געהאַט דעם חוש פאַר צייט און פאַר נייס. ער האָט מורא געהאַט, ער זאָל נישט אָפּשטיין פון דער צייט.

אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט האָבן אים באַזוכט יהואש און רייזען. טרייסטן זיי אים, אַז ער וועט נאָך געזונט ווערן און שרייבן אַ ראָמאַן וועגן זיינע איבערלעבענישן אין שפּיטאָל. האָט ער זיי געענטפערט:

„מען דאַרף זוכן נייע טעמעס, נייע טעמעס..."

ליגט אַ מענטש אין שפּיטאָל, זיבנאונזעכציק יאָר אַלט, מיטן מלאך המות צוקאָפּנס און ער טראַכט נאָך פון נייע טעמעס.

קיינער האָט נאָך אַזוי נישט געוואָלט לעבן פאַרן טויט — און קיינער איז ביי אַזאַ עלטער און אַזאַ געזונטצושטאַנד אַזוי לעבעדיק נישט געווען.

* *
*

און קיינער האָט נאָך אַזוי נישט מורא געהאַט פאַרן טויט. מענדעלע איז געווען אַלט און זאַט מיט יאָרן. מענדעלע האָט אויך נישט געוואָלט שטאַרבן, אָבער דאָס האָט זיך גע-

נומען פון דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן דאָס טויט זיין פּאַר א בזיונדיקן צושטאַנד.

ער האָט נישט אַזוי געוואָלט לעבן, ווי נישט צו זיין געשטאָרבן.

שלום-עליכמען האָט דער טויט אַוועקגענומען פון שרייב-טיש, אַרויסגעריסן ביי אים די פּען פון האַנט.

שלום-עליכם האָט געהאַלטן ערשט אינמיטן לעבן.

ספּעקטאָר האָט ווי געזען, ווי דער טויט דערנענטערט זיך און קומט אָן, נישט צוליב קראַנקהייט. ער איז פאַרהעלט-נישמעסיק קראַנק געווען גאָר אַ קורצע צייט. נאָר ער האָט געזען, ווי אַלע גייען אַוועק און ער בלייבט אַליין.

האָט ער געפילט ווי זיין ריי קומט.

ווען אַ שרייבער פון זיין דור פלעגט שטאַרבן, פלעגט ספּעקטאָר נעמען זוכן, ווער איז געבליבן — וועמענס ריי קומט.

זענען די מענטשן פון זיין דור אויסגעשטאָרבן. עס איז מער קיינער נישט געבליבן. איז געקומען זיין ריי.

ווי נאָר ער איז קראַנק געוואָרן, האָט ער זיך געזאָגט:

„אהאַ, אָט איז עס, ספּעקטאָר. מען רופט...״

און ער האָט דאָך געוואָלט לעבן און אָפּלייקענען דעם טויט און מיט געוואַלט געמאַכט פּלענער פאַר יאָרן און יאָרן — אָבער זיין ריי איז געקומען.

* * *

זיין ריי איז געקומען און ער איז אַוועק.

און, אַוועקגייענדיק, לאָזט ער אונז איבער אַ ירושה, וואָס דאַרף נישט בלייבן נישט אָפּגעשאַצט, ווי געהעריק איז.

ספּעקטאָר איז געווען פון אונזערע געלייענטסטע שרייבער.

דער ברייטער יידישער עולם האָט געדייענט ספעקטאָרן, און געלייענט פאַר פאַרגעניגן, נישט כּדי מקיים צו זיין די מצווה פון ליטעראַטור.

און אין ספעקטאָרס אַ ראָמאַן האָט שוין אַ מענטש געפונען אַן אָרט, וואו דורכצווויינען זיך אויך.

וואָרים ספעקטאָר האָט אין זיינע ראָמאַנען געהאַט אַ מעשה, אַ ספּור און לעבעדיקע מענטשן, און דאָס אַלץ פשוט און פאַלקסטימלעך אַרויסגעבראַכט.

צווישן די ראָמאַנען, וואָס יידן נעמען דאָ אין אונזערע שטאָטביבליאָטעקן, פאַרנעמען ספעקטאָרס ראָמאַנען אַן אָרט אויבנאָן.

און דאָסזעלבע קאָן מען זאָגן וועגן זיינע דערציילונגען און אפילו וועגן די פעליעטאָנען.

מיר זענען געוואָרן אַזוי מאָדערן, אַז מיר האָבן מורא צו זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר די שאַפונגען, וואָס זענען נישט אין דער פאָרם פון לעצטן שניט. מיר זענען „פּראָוועניסטיש" מאָדערן.

שרייבט מען ביי אונז וועגן אַ ליאַדע ביכל פון אַ ליאַדע בחור, וואָס מען זאָגט וועגן דעם, אַז ס'איז גאָרנישט ווערט — און מען פאַרזעט און פאַרגעסט אין אַזאַ שריפט-שטעלערישער קראַפט, ווי מ. ספעקטאָר.

ספעקטאָר איז ביי אונז ליטעראַריש זעלטן ווען אָפּגעשאַצט געוואָרן און אין די זעלטענע פאַלן דאָס רוב אונטערגעשאַצט געוואָרן.

ס'וועט אַמאָל אַריבער דער יאַריד — וועלן קומען מענטשן נייע, זייטיקע, אָבער דערפאַר רואיקע, פרייע און פאָרשנדיקע, און זיי וועלן אויף דאָסניי איבערקלייבן אַלץ, וואָס איז אונז אָנגעלייגט געוואָרן. און דעמאָלט וועט ספעקטאָר אויך געפינען זיין אָרט.

לאָמיר נישט פאַרקוקן די גרויסע ליטעראַרישע ירושה — ספעקטאָר

## II

...און קוקנדיק צוריק צו ספּעקטאָרן, זעט מען אונזער היינטיקע ירידה.

ספּעקטאָרן האָבן אַלע אינטערעסירט. ער האָט געוואָלט לייענען, פאַרשטיין דעם יינגסטן פּאָעט. ער איז אַמאָל אין אַ ווינט און רעגן, מיט פּעקלעך אין די הענט, געגאַנגען עטלעכע קוואַרטאַל איינקויפן אַ נייעם זשורנאַל פון די גאָר יונגע שרייבער.

ער האָט ליב געהאַט דאָס יידישע וואָרט. ער האָט געגלויבט אין יידישן וואָרט. האָט ער געגאַרט צו זען, וואָס ווערט געטאָן מיט דעם יידישן וואָרט.

דאָס רוב פון אונז גלויבן קוים, קוים אין זיך אַליין, און דאָס מוזן זיי זיך יעדן טאָג אָפּזאָגן דעם אני־מאמין אין זיך אַליין, וואָרים אַנישט גראָבט דאָ אויך די כפירה אַליין — און וואָס דער אַנדער לעבעדיקער טוט, גייט זיי נישט אָן.

און ווער עס איז אין קנייפּע נישטאָ — עקזיסטירט נישט.

דאָ ליגט דער חורבן, אַ סך מער ווי אין העברעיש, צי אין ענגליש, וואָס מען וויל אונז איינרעדן פאַר שונאים.

• • •

און וואָס מער איך זע פון די היינטיקע שרייבער, אַלץ גרעסער און וואונדערלעכער וואַקסן מיר אויס די שרייבער פון פאַרגאַנגענעם דור.

עס זענען היינט פאַראַן אַ סך שרייבער, וואָס קענען מער געאָגראַפיע און חכמת החשבון און די לעצטע פראַנצוי־זישע פּאָעטן, ווי דאָס האָט געקאָנט מרדכי ספּעקטאָר. אָבער מער קולטור, מער אייראָפּעישקייט, מער טיפקייט, ערנסט, און ווינציקער בטלנות און קליינשטעטלדיקייט געפינען מיר דווקא אין ספּעקטאָרן.

רעדנדיק מיט ספּעקטאָרן וועגן דעם קליינעם יידישן וועלטל, האָט זיך דאָסדאָזיקע וועלטל אויסגעשפּרייט טיפער, ברייטער, העכער. דאָ, אין די יידישע פיר איילן, איז געוואָרן אַ גרויסע אינטערעסאַנטע וועלט.

איך זיך אַמאָל מיט שרייבער, וואָס רעדן וועגן דער גרויסער וועלט: מאָדערניזם און וועלטליטעראַטור. אָבער די גרויסע וועלט פאַלט איין, קאָרטשעט זיך איין, די סטעליע קומט אַראָפּ, די ווענט רוקן זיך צונויף — עס ווערט אַ קליין שטיקעלע קאַבצאַנסק.

נאָכן קאָפּווייטיק פון דער קנייפּע,—וואָס פאַר אַ דערפרי־שונג איז אַריינצולייענען אין די שריפטן פון דעם פאַרגאַנ־גענעם דור.

* * *

נאָר נישט דעם כבוד פון ספּעקטאָרן אַליין בין איך דאָ אויסן. נאָך אַלעמען דאַרף עס דאָך ספּעקטאָר נישט. אין דעם גרויסן בנין פון דער יידישער ליטעראַטור ליגן הויך און ברייט די שטיינער און ציגל, וואָס ספּעקטאָר האָט בייגעטראָגן. ווער עס קומט ערנסט צו אונזער ליטעראַטור, דער קען ספּעקטאָרן נישט פאַרזען.

און די נישט ערנסטע דאַרף מען דאָך ערנסט נישט נעמען.

אָבער עס איז דאָך אונזער אייגן גרויסער פאַרלוסט: די שכחה, דאָס פאַרגעסן, דאָס פאַרגרעבט ווערן פון דעם נעכטן, דאָס מיינען, אַז אָט אַנטדעקן מיר יעדע מינוט פון טאָג אַ נייע אַמעריקע.

די יידן זענען אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים, ווייל זיי האָבן נישט פאַרגעסן, ווייל זיי האָבן נישט געביטן די שפּראַך, ווייל זיי האָבן געהאַט אַן אָנבונד מיט דער פאַרגאַנגענהייט.

מיר זינקען אין מצרים אַראָפּ. ווייל אין יעדן דור רעדן מיר מיט אַ נייעם לשון, איין דור ווייסט נישט פון צווייטן, און עס איז נישטאָ די קייט פון פאָרטזעצונג. נישטאָ די קאָנטינואיטעט, וואָס נאָר דורך איר פּראָגרעסירט די וועלט.

• • •

און פון ספּעקטאָרן האָט די יידישע שרייבער-פּראָפעסיע ספּעציעל געקענט לערנען אויפן געביט פון יידישן זשורנאַליזם. וואָרים אויסער בעלעטריסט, דערציילער און ראָמאַניסט, איז דאָך ספּעקטאָר אויך געווען דער עכטער זשורנאַליסט. מיר דאַכט: דער ערשטער מאָדערנער יידישער זשורנאַליסט.

און פּונקט ווי אין דער בעלעטריסטיק האָט ער אין ערנעץ נישט גענומען, נאָר אַליין געשאַפן די פאָרם צוזאַמען מיטן אינהאַלט, אַזוי אין דער זשורנאַליסטיק האָט ער געגעבן די יידישע פאָרם, נישט קאָפּירט פון דייטש, צי רוסיש.

די יידישע פאָרם איז אַנדערש פון די אַנדערע, גויִישע פאָרמען, און אפשר זענען די גויִישע זשורנאַליסטישער—אָבער

די יידישע פאָרם איז יידיש, און ווען מיט טאַלענט געפירט, ווי ספּעקטאָר האָט עס געטאָן, איז עס אַ סך לעבעדיקער און אינטערעסאַנטער, ווי די אימיטאַציע פון די נישט־יידישע פאָרמען.

אויב מיר וועלן אַמאָל האָבן אַ יידישע שול פאַר זשור־נאַליזם, וועט דאָרטן ספּעקטאָר פלייסיק געשטודירט ווערן.

נישט קענען ספּעקטאָרן איז אונזער פאַרלוסט און — עם הארצות.

# דער היימישער.

### י. פיכמאַן.

איך בין נאָך אַ קינד געווען, ווען דער נאָמען כּפּיאַקטאָר האָט אַ קלונג געטאָן אין מיין האַרץ אַזוי נאָענט, וואַרעם, היימיש, ווי ער איז פאַרבליבן אויך אויף שטענדיק — אפילו דעמאָלט, ווען ער האָט שוין לאַנג נישט עקזיסטירט פאַר מיר אַלס שאַפנדיקער גייסט; ווען ער איז שוין אומגעגאַנגען צווישן אונז, ווי אַ שטיק געשיכטע, און געלעבט שוין אינגאנצן אויפן חשבון פונם עבר. אים האָבן מיר שטענדיק געשאַנעוועט, זיך אָפטמאָל געמאַכט נישט הערנדיק, אַראָפּגעשלונגען גוטמוטיק זיינעם אַ קוריאָז — אין ערגסטן פאַל, נאָר געמאַכט אַ וויץ פון דעם, פאַר וואָס אַן אַנדערער וואָלט געקריגן געבראָכן רוק און לענד.

ער איז געווען, ווי דינעזאָן, דער, מיט וועמען עס איז געווען פאַרבונדן אונזער קינדהייט, די קינדהייט פון אונזער ליטעראַטור — אַן אייגענער, איינער פון דער גרויסער משפחה. מיר זענען אַזוי געוווינט געוואָרן צו אים, ער האָט מיט זיין איינפאַך-קלינגענדיקן נאָמען באַגלייט אַזויפיל דורות אין אונזער ליטעראַטור און האָט אונטערגעשטופּט איר שווערן וואָגן אַזוי געשמיידיק און אַזוי געטריי, אַז ער איז שוין נאָכדעם אַליין דורך אים געטראָגן געוואָרן...

קיינעם דאַרף מען נישט מסביר זיין, אַז ספּעקטאָר האָט נישט געכאַפּט קיין מלאכים פון הימל, אַז זיין טאַלענט, זיינע כּלים זענען נישט געווען קיין אויסטערלישע. פאַרקערט, עס איז כּדאַי זיך צו פאַרטראַכטן אַ ביסל איבער דעם, ווי קומט עס, וואָס אַזאַ באַשיידענער דערציילער איז דאָך געוואָרן איינגע-באַקן אין האַרץ, און זיין שטילער נאָמען האָט געקלונגען שטענדיק פאַר אונז אַזוי פריינטלעך, ווי גלייך ער וואָלט אונז דערמאָנט אונזערע שיינע קינדערטעג. נישט אַנדערש, אַז ער האָט אין די בעסערע מאָמענטן פון זיין שאַפונג זיין ניגון — דאָס, וואָס ס'מאַכט יעדן דיכטער, אפילו דעם קלענסטן, אַזוי נאָענט, אַזוי נישט פאַרגעסלעך.

* * *

ער האָט געהאַט איין גרויסע מעלה: ער האָט געהאַט דעם אמתן ברען צום לעבן, — צום פּשוטן, טאָג-טעגלעכן אייביק-מענטשלעכן, וואָס וועבט זיך אָן אויפהער פון דור צו דור. געוויס איז ער אין זיין יוגנט געווען אויך אַ משכּיל און אַ רעוואָלוציאָנער און געטרוימט פון אַ ניי געזונט לעבן פון יידישע פויערים און זאָרגלאָזע דאָרפסלייט. דאָס עכטע אין אים איז אָבער געווען דאָס ריין-עפּישע. אָן חכמות, אָן ליטעראַרישע אויבער-הסברות, אָפטמאָל נישט אינגאַנצן באַוואוסטזיניק, האָט ער אונטערגעהערט דעם ריטם פון לעבן און געשלונגען פאַרבן און בילדער מיט אַזאַ דורשט, וואָס כאַראַק-טעריזירט דעם ריינעם קינסטלער. דאָס, וואָס ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין-וחשבן און זיין אינטעלעקטועלער אַפּאַראַט האָט אַזוי שוואַך געאַרבעט, האָט געמאַכט זיין שאַפונג נאַטירלעך, פאָלקס-

טימלעך, אוממיטלבאַר. ער האָט אויפגעפּאַסט די וועלט נאָר ווי אַ פּאַנאָראַמע, און האָט נישט אויפגעהערט איינצוזאַפּן אין זיך איר פרייד, איר לייד, איר פאַרביקן הומאָר. די וועלט איז ביי אים פריער פון אַלץ געווען אַ זאַך, וואָס איז בלויז געגעבן געוואָרן פאַר שמחה און הנאה. אַזוי האָט ער, וואָס איז געווען אַזוי פאָלקסטימלעך, אַזוי ווייט פון עסטעטיזם, געפאָלגט זיין אינסטינקט — דעם עפּיקורעיִזם פונם קינסטלער.

קיין קאַלטער צושויער איז ער אָבער אויך נישט געווען. אַ פאָלקסשרייבער, פון וואָסער מדרגה ער זאָל נישט זיין, איז שטענדיק אַן אָ נ ט ײ ל נ ע מ ע ר. ספּעקטאָר האָט אויך דער-ציילט, ווי אַ היימישער, ווי אַן אייגענער, ווי איינער, וועלכן די זאַכן גייען נאָענט אָן.



זיין ליבע צום לעבן, אַ קינדעריש-עגאָיסטישע, ווי ביים דורכשניטלעכן קינסטלער, האָט אין אים נישט פאַרדאָרבן דאָס באַטירלעכע מיטגעפיל פונם פאָלקסמענטש. ער דערציילט וועגן זיינע העלדן — די איבערגעוואַקסענע מיידלעך, וואָס וואַרטן אויף אַ ביסל גליק; די אָפּגעקומענע גבירים, וואָס לעבן מיט די זכרונות פון אַמאָליקן גלאַנץ; די אָרעמע בחורים, וואָס קוקן אַרויס אויף אַ קאַפּ יום-טובדיקע וואַרעמקייט — מיט אַזוי-פיל פערזענלעכער פאַראינטערעסירטקייט, מיט אַזויפיל נאָענט-קייט, וואָס גיבן אויס אין אים דעם פאָלקספריינט, דעם מענטשן-פאַרטיידיקער, דעם שליח פון די אָרעמע און די נויטבאַדערפטיקע.

ער איז אָבער נישט געווען קיין מאָראַליסט, קיין רחמנות-וועקער. ער דערציילט, ווייל אַלצדינג, וואָס פאַר-

כאַפּט, דאַרף דערציילט ווערן, כּדי מיר זאָלן עס האָבן שטענ־דיק פאַר די אויגן. דער דערציילער איז דער היסטאָריקער פונם טאָג־טעגלעכן. דאָס לעבן פליסט, דאָס לעבן ווערט אַלע טאָג נתחדש. יעדער טאָג האָט זיין פאַרב, וואָס וועט זיך שוין מער נישט איבערחזרן. דערפאַר זענען מיר אַזוי דאַנק־באַר דעם עפּיקער, וואָס דערהאַלט אונז דאָס פאַרגייענדיקע פון פאַרניכטונג, און מאַכט אונז ברייטער, פאַרביקער דעם קליינעם קרייז פון אונזער צייטווייליקער עקזיסטענץ. וואָס אוממיטלבאַרער דער דערציילער פאַרצייכנט די געשעענישן, אַלץ רייכער מאַכט ער אונז, אַלץ מער איז ער אונז משתּף צו זיי. פאַרקערט, וואָס מער ער איז זיי אונז מסביר, אַלץ ווייניקער זענען מיר זייער מהות, ווייל אויף וויפל די זאַכן חזרן זיך קיינמאָל נישט איבער, אויף אַזויפיל איז זייער הסברה אַן אייביק־גלייכע, אַן אייביק־לאַנגווייליקע.

דערפאַר האָט ספּעקטאָר פאַרדינט נישט פאַרגעסן צו ווערן, ווייל דאָס בעסערע, וואָס ס'וועט בלייבן פון אים, פאַרמאָגט די גליקלעכע אייגנשאַפט פון קינסטלערישער תּמימות, און איז אַ פּראָדוקט נישט פון ביליקער מוח־גריבלעריי, נאָר פון האַרציקער שאַפונגסלוסטיקייט. ער האָט אונז געמאָלט דאָס באָענטע, לאָמיר זאָגן אָפן, דאָס, וואָס ליגט פון אויבן. ער האָט אָבער אָפּגעשטעלט זיין אויג אויף דעם, וואָס נערט מיט לעבן די טויזנטער און צענטויזנטער, און געקענט זען און מאַכן זען צומאָל גאַנצע שטיקער לעבן מיט אַן אומפּאַסנדיקן בליק, און דערציילן מיט די איינפאַכסטע מיטלען אַזוי, אַז דאָס דערציילטע זאָל באַקומען זיין עכטן, זיין קינסטלערישן זין.

דידאַזיקע אוממיטלבאַרקייט, די פרייעלעכע דורשטיקייט צו דעם, וואָס דער טאָג ברענגט אונז, האָט אים באַליבט גע־מאַכט אין אונזערע אויגן. אונז, די אָפּגעריסענע, וואָס קוקן איבער די זאַכן, האָט געפרייט דאָס, וואָס דערדאָזיקער וויס־גרויער ייד מיט די יונגטלעך וואַרעמע אויגן איז נאָך אַרומגעגאַנגען, ווי אַ געזונטע וואַלד־חיה מיט אַ געוואַלדיקן

אַפּעטיט און געכאַפּט מיט אַ גליקלעכן ברען, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. אונז האָט געפרייט זיין עפּישע ליבע צו אַלטמאָדישע יידישע היימישע משכּילים, וועגן וועלכע ער פלעגט רעדן מיט אַזאַ דביקות, וואָס האָט אונז געדינט אַלס אומדער-שעפּלעכער שטאָף פאַר וויצן; ווייל אויך אין דערדאָזיקער אומשולדיקער ליידנשאַפט זיינער איז ער געווען פּראָסט-אָפנהאַרציק, ווי אַ דיכטער...

* * *

איך געדענק נאָך די שבת-צו-נאַכטסן, ווען מיר פלעגן זיך אין אָדעס צונויפקומען אין דער מלחמה-צייט ביי שלום-עליכמס טאָכטער, וואָס פלעגט צוליב אים, דעם אַלטן פריינט פון איר פאָטער, אָנגרייטן אַלע גוטע זאַכן, וועגן וועלכע ער פלעגט אפילו רעדן נישט קענען גלייכגילטיק... דאָס איז געווען אַ בילד פאַר די קלאַסישע פלאַמאַנדישע מאלער. זען ספּעקטאָרן אַ ראָזאָוון, אַ פריילעך-גליקלעכן, אָנגעבויגן מיט גלאַנצנדיקע אויגן איבערן טיש, אויף וועלכן ס׳זענען געווען אָנגעגרייט פאַר אים זיינע געליבטע מאכלים — דאָס איז געווען אַ זשאַנר-בילד, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. און איר מעגט לאַכן — מיט אים, מיט ספּעקטאָרן אינאיינעם, האָט עפּעס אַלצדינג געשמעקט בעסער. קליינע זאַכן זענען געוואָרן וויכטיק. ער האָט ווי צוריקגערופן צו דער פאַרגעסענער היים, צו דער איבערגעריסענער סעודה.



אָרעמער ספעקטאָר! ער האָט אין זיך געטראָגן ליבע און בענקשאַפט צום לעבן מער אפשר ווי צען פון אונז. אין זיינע אָדערן האָט געקלאַפּט הייס בלוט, און מיר האָבן זיך געפרייט, וואָס ער איז דאָ, וואָס דאָס בלוט ווערט אים נישט קעלטער און וואָס ער קלויבט זיך נאָך לאַנג צו לעבן און הנאה צו האָבן פון דער זינדיקער ערד. ער איז אונז געבליבן דער לעצטער פון דער גרויסער משפחה, פון די, אין וועמענס שאָטן מיר זענען געוואַקסן.

ער איז געווען אַ חלק פון אונזער אַמאָל, פון אונזער עבר, ווען ס׳האָט נאָך פריילעך גערוישט דער גאָרטן פון אונזערע האָפענונגען.

ער איז געווען דער לעצטער פון די היימישע, וואָס זענען קיינמאָל נישט געשטאַנען אינדרויסן, און ווי די פייגל, וואָס פליען נישט צו הויך, שטענדיק געוואַכט, גע־פלאַטערט און געוואָרפן זייער ליבלעכן שאָטן אויף אונזער נאַקעטער ערד.

# ספעקטאָר דער פּריוואַט-מענטש.

רחל פייגענבערג.

## א

ספעקטאָר האָט אַלעמאָל זייער געבענקט נאָך אַ פּריוואַט-געמיטלעכער סביבה פון היימישע מענטשן. מיט זיינע קאָלעגן, די יידישע שריפטשטעלער פון זיין צייט און זיין דור, איז ער תמיד געווען זייער באַפריינדעט און היימיש. דער פשוט-פאָלקסטימלעכער ספעקטאָר האָט זיך אויך גוט געפילט צווישן די יונגע יידישע שרייבער, וועלכע זענען ווייט אַוועק פאָרויס אויף נייע וועגן אין דער ליטעראַטור. אין שאַפן און אין דענקען איז שוין צווישן אים און דעם יונגן יידישן שריפט-שטעלער קיין געמיינזאַמעס נישט געווען, אָבער ספעקטאָר אַליין האָט אויסגעזען, ווי גאָר אַ יונגערמאַן. תמיד גלאַט גע-גאָלט, האָט מען אים קיינמאָל קיין גרויען נישט געזען, און אַ באַשיינטער מיט זיין אייביקן יוגנט-גלאַנץ אין די אויגן, האָט ער נאָך אין די שפּעטע מיטליאָרן פאַרמאָגט אַזויפיל לעבנס-דורשט און לעבנספרייד, אַז עס איז אים אומעטיק געווען צווישן זיי, די יוגנטלעכע באַהעמע-לייט פון דער יידישער ליטעראַטור.

די עלנט-היימלאָזע סביבה פונם יידישן קינסטלער איז געווען צו גרוי און איינטאָניק פאַר דעם געזונטן און הנאהפולן ספּעקטאָרן, און ער האָט זיך געזוכט אויסצולעבן צווישן דעם פּשוטן עולם פון פאָלקסמענטשן און מיטלבירגער, וועלכע זענען פאַרהאַוועט און באַרוישט מיט זייערע קליינע טאָג-טעגלעכע פריידן און ליידן און ווייסן נישט דערביי, אַז זיי זענען עס די אמתע שאַפער פון דער גרויסער לעבנס-סימפאָניע.

קיין איין יידישער שריפטשטעלער איז נישט געווען אַזוי היימיש איינגעבירגערט צווישן דעם לעזער-פּובליקום פון אַלע שיכטן און קלאַסן, ווי דאָס האָט באַוויזן צו טאָן דער פּשוטער פאָלקסמענטש מרדכי ספּעקטאָר.

צווישן אַלע יידן פון אָרעם און רייך האָט ער געהאַט זיינע האַרציקע גוטע פריינט, צו וועלכע ער פלעגט גיין מיט וויזיטן שבת און יום-טוב און איז אַלעמאָל געווען אַ נאָענטער מחותן ביי אַלע זייערע משפּחה-פריידן. ספּעקטאָר האָט זייער ליב געהאַט יידישע פאַמיליע-שמחות, וואו ס׳האָט נאָך גע-גאָלטן דער אַלט-באַלעבאַטישער לעבנסשטייגער פון די אַמאָליקע צייטן. צוליב דעם פלעגט ער זיך נישט פוילן אַמאָל אויך אויסצופירן אַ היימיש-נגידישן שידוך. ס׳איז אים דערביי אויף אַזויפיל נישט אָנגעגאַנגען דאָס שדכנות-געלט, וואָס איז אים תמיד שטאַרק צוניץ געקומען ביי זיינע יידיש-שריפטשטעלערישע פאַרדינסטן. אין דעמדאָזיקן ענין איז פאַר אים אַ סך וויכטיקער געווען דער אַלט-יידישער שידוכים-סטיל און די איידל-פרומע חתונה-ראָמאַנטיק פונם יידיש-באַלעבאַטישן הויז.

אויף אַזעלכע יידיש-נגידישע חתונות פלעגט ספּעקטאָר פאָרן מיט אַ ברייט-נחתדיקן פאַרנעם פון אַן אמתן מחותן און דאָרטן האָט ער זיך געבאָדן אין פריילעכע חתונה-תענוגים אַכט טעג נאָכאַנאַנד און זיין אויג האָט אין אַ קינסטלערישער הנאה איינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייט און פאַרבנפּראַכט פונם יום-טובדיקן שמחה-טומל צווישן דער אַלט-יידישער משפּחהדי-

קייט פון אָנגעבלאָזענע, נגידיש-אַטלעסענע מחותּנים און פריילעך-אָפּגעריסענע אָרעמע מאָלצייט-געסט.

אַזעלכן האָב איך געקענט ספּעקטאָרן מיט יאָרן צוריק, ווען ער האָט געוואוינט אין וואַרשע אויף נאָוואָליפּקי נומער 17 אין זיינע באַשיידענע צוויי צימערן מיט אַ קיך, דורך זיין פרוי געזויבערטע און געצערטלטע, אין דער רואיק-באַלעבאַטישער געמיטלעכקייט, וועלכע ספּעקטאָר האָט אַזוי ליב געהאַט. אַהין פלעג איך אָפט קומען אַ ביסל זיצן. ער, ספּעקטאָר, זאָל מיר אַריינזאָגן אַ ביסל מוסר, למאי איך טראַכט נישט פון קיין תּכלית אין לעבן. מלא חן איז ער דאַן געווען אין דער ערנסטער ראָל פון מיינעם אַ מוסר-זאָגער. ביי אים פלעגט עס אויסקומען משפּחהדיק-געטריי, ווי ער וואָלט מיר דאָ, אין דער פרעמד-גרויסער שטאָט, געווען אַן עלטערער קרוב, אָדער מיין טאַטנס אַ פריינט פון די קינדערשע קליינשטעטלדיקע יאָרן.

איך האָב אים ליב געהאַט פאַרן דאָזיקן ביסל מוסר-זאָגן אויפן האַרט-געטרייען שטייגער פון אַן אַלטן פעטער, און געווען צייטן, ווען איך פלעג אַריינקומען צו אים טאָג-טעגלעך בלויז צוליב דעם, ער זאָל מיך אויסמוסרן פאַר מיין תּכליתלאָזיקייט און זאָל זיך שטאַרק צעבייזערן איבער מיינע פּוסטע ליי-טעראַרישע חלומות, וועלכע וועקן מיך תּמיד, תּמיד דערוויי-טערן פון אַ תּכלית.

אַזעלכן האָב איך געקענט ספּעקטאָרן אין וואַרשע, אינם לעצטן יאָר פאַרן וועלטקריג.

# ב

אין יאָר 1916 האָב איך זיך ווידער באַגעגנט מיט ספּעק-טאָרן. ער האָט געוואוינט אין אָדעס און איך אין אַ דער-

בייאיק שטעטל אויפן באַלטער וועג. צוליב פאַמיליע-אָנגעלעגנ-הייטן בין איך דעמאָלט געווען ווייט פון ליטעראַטור און לי-טעראַרישע קרייזן. קיין אָדעס פלעג איך קומען בלויז צוליב פערזענלעכע ענינים נאָר אויסמיידן ספּעקטאָרן האָב איך נישט געקענט. ס'האָט מיך יעדעס מאָל געצויגן אַריינגיין צו אים זען וואָס ער מאַכט, פּשוט באַזוכן אים, ווי אַ גוט-געמיטלעכן באַקאַנטן און סתם אַ ווײלן יידן, און איינמאָל האָב איך מיר דערלויבט דעמדאָזיקן לוקסוס.

אין אַ נאָכמיטאָג-שעה בין איך אַריינגעקומען צו אים און איך האָב דערזען דעמזעלבן היימיש-גוטמוטיקן ספּעקטאָרן. אויף דער יעקאַטערינאָווער גאַס האָט ער געוואוינט, איבער הויז פון דער יידישער לערערין און כּלל-טוערין גראַזער-דזאַבין. אין זיין צימער איז געווען זייער ליכטיק, זוניק און אין יעדן ווינקעלע האָט געררוט די באַלעבאַטיש, געצערטלטע היימלעכקייט, וואָס בערטע ספּעקטאָר האָט אַזוי זאָרגפעלדיק געהאַלטן אין איר שטובאָרדענונג. איך האָב זיך גלייך אויסגעבאַרימט פאַר אים מיט מיין קליינשטעטלדיקן איינקומעניש.

„אָבער איצט, הער ספּעקטאָר, פּרוּווט זאָגן אַ ביסל מוסר, געקומען, גאָט צו דאַנקען, צו אַ תּכלית... איך בין שוין איצט אַ באַלעבאָסטע לייטנגלייך."

טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן:

„אַזוי? אַזוי?" האָט ער געשטאַמלט אַ דערפרייטער, „אַ באַלעבאָסטע מיט אַלעם גוטן! אַן אייגן הויז אין אַ קליין שטעטל, מיט אַ געווייסטן גאַניק, מיטביימער אונטער די פענסטער, מסתּמא נאָך אַ ברונען אויפן הויף... און שבת אַ ווייס טישטוך, ליכט ביים טיש און אַ גרויסער געפילטער קאָרפּ מיט אַ קעזקוכן... פיין, פיין רחלע, אָבער איר קענט כאָטש זיין אַ באַלעבאָסטע?.. באַלעבאַטישקייט אין אַ שטוב איז דאָך, ווי אַ מאַשין. איז דער מעכאַניקער גוט, גייט די מאַשין פּינקטלעך, ווי אַ זייגער, און איז דער מעכאַניקער אַ שלים-מזל, טויג די גאַנצע מאַשין אויף כּפּרות..."

איך האָב זיך װידער אויסבאַרימט מיט מײַנע באַלע־באָסטע־קענטעניש, דערצײלנדיק גענוי דער פרוי ספּעקטאָר, װי אַזוי איך קאָך און באַק און לערן מײַנע דאָרפיש־פאַרגרעבטע דינסטן צו װאַשן װעש לויט מײַן שטאָטיש־אינטעליגענטישער מעטאָדע.

ספּעקטאָר האָט געטאַנצט פאַר פרײד, הערנדיק, אָבער זי, בערטע, האָט מיר מיטאָמאָל אַרײַנגעשטעלט אַ האַרבע פראַגע:

„און די פּען טאַקע אײַנגאַנצן אַװעקגעװאָרפן?"

„די פּען? די פּען האָב איך אויסגעביטן אויפן קאָכלעפל."

ספּעקטאָר איז געװאָרן אָנגעצונדן:

„װאָס לאַכט איר אַזוי פונם קאָכלעפל? אָט גײט אַ צײַט, װאָס דער קאָכלעפל װעט אײַננעמען די װעלט... אויבנאָן װעט מען עס אַװעקשטעלן פאַר אַ צירונג און די פּען װעט זיך, נעבעך, מוזן באַהאַלטן אין אַ װינקעלע... אָ, דער קאָכלעפל װעט נאָך רעדן װערטער! די פּען! װער דאַרף עס איצט די פּען? אַ מציאה!..."

ער איז געװען אַזוי צעקאָכט, אַז מיר האָבן אים קוים באַרויקט. דערנאָך האָב איך זיך מיט אים הײס צעזעגנט, נע־מענדיק בײַ אים אַ װאָרט, אַז חול־המועד־סוכות װעט ער קומען מיט בערטען צו־גאַסט צו מיר, און דאַן װעט ער זען, װי־אַזוי ערנסט און געװיסנהאַפט איך באַצי זיך צום קאָכלעפל.

איך בין אַװעק, נאָר אַז איך בין אַרויס פון הויף, האָט ער מיך פון באַלקאָן גערופן צוריק. איך האָב זיך אומגעקערט און געלאָזט זיך גײן אויף די שטיגן. ספּעקטאָר האָט געװאַרט אויף מיר לעבן דער טיר, מיטן מאַנטל אויף די אַקסלען.

„װאָס איז, הער ספּעקטאָר? נישט גוט זיך געזעגנט?"

ער האָט גוטמוטיק געשמײכלט.

„אַ קלײניקײט. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מיר גיבן דאָ אַרויס אַ זאַמלבוך. אפשר האָט איר עפּעס אַ זאַך פון אַ דרײַהונדערט שורות?

„דעם וואָלף מוז, אפּנים, תּמיד ציען אין וואַלד אַריין?"
איך האָב געלאַכט פונם גאַנצן האַרצן.
„הייסט עס, די פּען דאַרף נאָך עמעצער יאָ האָבן?"
ספּעקטאָר האָט ווידער גוטמוטיק געשמייכלט:
„מיר, די שרייבער, דאַרפן זי האָבן. ס'איז אַ משוגעת, ווי אַלע משוגעתן. דאָס איז זיי", האָט ער זיך מיטאַמאָל אָנ-געהייבן צו פאַרענטפערן, „די בחורים דאָ, דער יונגער חברה, ט'זיך מיטאַמאָל פאַרגלוסט אַ זאַמלבוך, און מען האָט מיך אויך אַריינגעשלעפּט אין קאָן. איך מיין באמת, איר זאָלט געבן עפּעס אַ זאַך פון אַ דרייהונדערט שורות..."
„אָבער, מיין ליבער הער ספּעקטאָר, וואָס בין איך איצט פאַר אַ שרייבערין? וואו האָב איך איצט צייט צו אַזעלכע זאַכן? אָט גייען די ימים-טובים, מען דאַרף שוין צוגרייטן עפּעס צום ווינטער, מען דאַרף זייערן איינקאָווענעס, מאַראַנירן פּאָמי-דאָרן, פּרעגלען קאָנפיטורן און פּאָווידלע..."
„זייער גוט!" האָט ער זיך אָנגעכאַפּט, אַ דערפרייטער. „אויסגעצייכנט! באַשרייבט מיר, ווי אַזוי איר פּרעגלט פּאָווידלע... פּשוט אַ מעשה, ווי אַזאַ קליינשטעטלדיקע באַלעבאָסטע, ווי איר, דאָ, לעבן אָדעס, גרייט צו דעם ווינטער אין שטוב אַריין..."
איך האָב אים צוגעזאָגט אָנצושרייבן מיין באַלעבאָסטע-דערציילונג, און ער האָט מיר געגעבן זיין ברכה אויפן וועג. נאָר דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. די גרויזאַמע גע-שעענישן פון יענער צייט האָבן זיך דאַן גערוקט אויף דער אוקראַינע דורך אַ שטורעם פון חורבן און טויט, און מיר האָבן זיך ווידער פאַרלוירן פון די אויגן.

# ג

אָדעס האָט דאַן איבערגעלעבט שווערע טעג פון הונגער און בירגערקריג. אין שטאָט האָט זיך כּמעט יעדן טאָג געביטן די מאַכט, און מיט קיין עסנוואַרג פון די דערפער האָט מען צו דעם שטאָטישן ישוב נישט געקענט צוקומען, ווײַל אויף די וועגן האָט געקלויערט אַן ערב־רב פון דער אַנטלאָפענער אַרמיי, און מען האָט געהאַלטן אין איין ראַבעווען די דורכ־פאָרער און דורכגייער. געוואַגטע אײנצלנע פויערים פלעגן זיך נאָר דורכגנבענען אין די פינסטערע נעכט מיט פורן מעל און ברויט, אָפּגעגילט צו ווערן דערפאַר דורך די הונגעריקע שטאָטאײַנוואוינער.

מײַן שטעטעלע פון מיטן סטעפּ, אויפן באַלטער טראַקט, איז אויך געווען אָפּגעריסן פון דער שטאָט חדשים־לאַנג, און פון ווײַטן האָט זיך אונז געדאַכט, אַז אין אָדעס זענען שוין אונזערע אַלע נאָענטע און ליבסטע אויסגעשטאָרבן פון הונגער.

באַזונדערס אומרואיק בין איך געווען פאַר ספּעקטאָרן מיט בערטען, ווײַל קיין דימענטן האָבן זיי נישט געהאַט צו פאַרקויפן. דאָס ביסל ווירטשאַפט האָבן זיי איבערגעלאָזט אין וואַרשע, און זייער שוועסטער און שוואָגער, דוד פּינסקי מיט דער פרוי, האָבן זייער אַמעריקאַנער גרויסע היקף נישט געקאָנט אַריבערשיקן. איך בין זיכער געווען, אַז אין אָדעס גייען זיי אוודאי אויס פון הונגער.

בין איך אײנמאָל טאַקע צוגעפאַלן מיט תחנונים צו אַ גוטן ערלעכן פויער פון אַ נאָענטן דאָרף, ער זאָל מיטנעמען אַ ווײַצנברויט אין שטאָט אַרײַן פאַר מײַן אַלטן טאַטן, דאָס לעבן אים צו דערהאַלטן. און דער פויער האָט עס מיר צוליב געטאָן. אויפן דריטן טאָג איז ער געקומען צוריק און האָט

מיר געבראַכט אַ גרוס מיט אַ דאַנק פון ספעקטאָרן, מינדלעך איבערגעגעבן, ווייל קיין בריוו האָט ער נישט געוואָלט פירן מיט זיך. נאָר מיין גוטער שליח איז געווען ברוגז, למאי איך האָב אים אָפּגענאַרט.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך שיק עס פאַר אַן אַלטן טאַטן אַ שטיקל ווייצנברויט, צו דערהאַלטן אים דאָס חיות, און דאָ איז צו אים אַרויסגעקומען אַ פולער הער מיט אַ ראָזעווען פּנים, ווי ביי אַ מיידל. און פריילעך איז ער, ווי ער וואָלט קיין שלעכטע צייטן גאָר קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען. אין שטוב איז אויפגערוימט, ווי ביי די רייכע שטאָטישע הערשאַפטן. דאָס ווייב איז שיין און יונג, און נאָך מיט אַ גלעזעלע בראָנפן האָט מען אים מכבד געווען, אמתער צאַרישער בראָנפן, קלאָר, ווי זילבער.

איך האָב געהערט און נישט געגלויבט מיינע אייגענע אויערן. איך האָב נישט געקענט באַגרייפן, פונוואַנען ס׳האָט זיך אין דער הונגערצייט גענומען צו ספעקטאָרן אַזאַ שפע. ערשט שפעטער, ווען איך האָב געוואוינט אין אָדעס, איז מיר די זאַך קלאָר געוואָרן. דאָס פלעגן אים זיינע סתם־יידן פון אַ גאַנץ יאָר פאַרזאָרגן פאַר אַ קליינער מטבע מיט אַ גוט שטיקל ברויט, אַ שטיקעלע לונג־און־לעבער אויף אַ געבראָטנס, אַ ביסל פעטס און אפילו אַ פלעשעלע בראָנפן...

דידאָזיקע פאַרזאָרגער, וועלכע פלעגן עס אים אַלצדינג צושטעלן אין די בייזע צייטן, ווען איבער דער שטאָט האָט געהאָגלט מיט ברענפיילן, זענען געווען פשוטע באַלעבאַטישע יידן פון וואָלין און פּאָדאָליע, וועלכע האָבן אַמאָל, אין דער יוגנט, געלעזן ספעקטאָרס „יידישען מוזשיק" און די שווערע העפטן פון זיין „הויז־פריינד".

זיינע אַלטע גוטע לעזער זענען עס געווען.

# ד

געווען איז עס שוין אין הערבסט פונם יאָר תרע״ט.

נאָכן שרעקלעכן זומער פון די יידישע הריגות, ווען איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן מיט מיין קינד אויף די הענט צווישן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, בין איך לסוף געקומען קיין אָדעס. איך בין באַלד אַוועק צו ספעקטאָרן און האָב אים דערציילט מיין מגילת־אוקראַינע, אַז מיין גוטע קליינשטעטלדיקע היים מיט די אַקאַציעביימער אונטער די פענסטער איז חרוב געוואָרן, און געפאָרן אין שטאָט אַריין בין איך אונטערן פחד פון טויט. אַ גוטע בולגאַרישע פויערטע האָט מיר געגעבן אויפן וועג איר נאַציאָנאַל־פאַרביקע יום־טוב־קלייד און מיין יינגעלע האָב איך אָנגעטאָן אַ צלמל אויפן האַלז, ווייל אויפן באַלטער טראַקט וואַלגערן זיך נאָך יידישע הרוגים און ביי די טעלעפאָנסלופעס הענגען נאָך די פלאַקאַטן פונם גענעראַל גריגאָריעוו, מען זאָל אויסהרגענען אַלע יידישע יינגעלעך, ווייל אַז זיי וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי אַלע זיין קאָמוניסטן.

ער האָט עס אַלצדינג אויסגעהערט, שווייגנדיק, און האָט מיך גערופן אין דער קהילה, צו הערן, וואָס עס דערציילן די אומגליקלעכע גולים ווענן לעבעדיק־באַגראָבענע געזינדן, דאַן וועל איך שוין מיינע אייגן ביסל איבערגעלעבטע צרות פאַרגעסן.

„נאָר נעמט מיט אַ העפט מיט אַ בליישטיפט" האָט ער צוגעגעבן, „אַלצדינג, אַלצדינג דאַרף מען פאַרצייכענען".

פון דעמאָלט אָן פלעגן מיר אַלע טאָג גיין אין דער קהילה אויסהערן די גולים פונם אוקראַינער יידשן חורבן. עטלעכע שריפטשטעלער זענען מיר דאָרטן געווען. יידן פלעגן דערציילן און מיר האָבן עס פאַרשריבן, דערביי האָבן מיר

דורכאויס גערעדט וועגן די דערציילטע שוידערלעכע פּרטים, פון וועלכע ס'האָט געקילט דאָס בלוט אין די אָדערן.

דערנאָך האָבן אייניקע פון אונז זיך גענומען באַארבעטן די געזאַמלטע מאַטעריאַלן אין דער פאָרם פון דערציילונגען. מיר אַלע צוזאַמען מיט ספּעקטאָרן האָבן שוין דאַן געאַרבעט אינם קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג „דעת", איבערצוזעצן הונדערט ביכעלעך פאַר דער יידישער „אוניווערסאַל-ביבליאָטעק". און איינמאָל, ווען מיר זענען מיט ספּעקטאָרן געזעסן אין דער רעדאַקציע פונם פאַרלאַג, האָט איינער פון אונזערע חברים איבערגעלייענט אַ פּאָגראָם-דערציילונג, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט, ווי אַזוי אַ יידישער רויטער אַרמעער האָט, אויס נקמה פאַר זיין געהרגעטן פאָטער, אומגעבראַכט אין אַ דאָרף אַ פּויערטע, אַ קינפּעטאָרין, צוזאַמען מיט איר פּיצעלע קינד.

ספּעקטאָר איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אַן אויפגערעגטער, און האָט אָנגעהייבן בעטן דעם מחבר, ער זאָל דעמדאָזיקן פאַקט אַרויסוואַרפן פון דער דערציילונג.

„ס'איז דאָך אַ ליגן!" האָט ער זיך געבעטן ביי יענעם. „אַ יידישער זעלנער זאָל דערהרגענען אַ קינפּעטאָרין מיט אַ קינד! ניין, אַ ליגן! די מינוט וואַרפט עס אַרויס. מען טאָר עס אַזוי נישט דרוקן. איר הערט? פאַר זיי דאָס גליק! זאָלן זיי הרגענען און קוילענען קינפּעטאָרינס מיט עופעלעך. ט'איר געהערט אַן איינפאַל? אַ גויאישער איינפאַל!.."

דער מחבר פון דער דערציילונג האָט אים געפאָלגט און האָט דאָס בילד פון דער דערהרגעטער פּויערטע מיטן קינד אויסגעמעקט פונם העפט.

ספּעקטאָר האָט זיך באַרואיקט. אַוועקגייענדיק אַהיים, האָט ער געשמייכלט:

„וואָס זאָגט איר? אָפּגעראַטעוועט פון טויט צוויי אומשולדיקע נפשות..."

# ה

אין דערדאָזיקער שטורעמצייט האָט ספעקטאָר איבערגעלעבט אַ שווערע מאָגן־אָפּעראַציע. מיט דער הילף פון ביאַליקן און ראַווניצקין האָט ער עס דורכגעמאַכט ביי די בעסטע באַדינגונגען, אין דעם בעסטן כירורגישן קליניק אין אָדעס, און דערנאָך האָט זיין פרוי געוויזן וואונדער מיט איר שפּאָרזאַמקייט אין קולינאַר־קענטענישן.

ביי דער שווערער צייט, און מיט גאַנץ קליינע מיטלען, האָט זי אים צוריקגעשטעלט אויף די פיס. ספעקטאָר האָט ווידער געבלאָנדזשעט צווישן די אַנטלאָפענע יידן פון די רואינירטע שטעט און שטעטלעך. אין אָדעס האָבן דעמאָלט געבושעוועט די באַנדיטיש־שיכורע דעניקינצעס. און יעדן אייינציקן האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דעמדאָזיקן רוסישן גיהנום.

דער אָדעסער פּאַלעסטינע־אַמט האָט דאַן ביי דעם רוסישן פלאָט פונם שוואַרצן ים אָנגעדונגען אַ שיף, אַרויסצופירן קיין יפו אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט נפשות, וועלכע ווילן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל.

אין דעם ציוניסטישן ביוראָ האָט מען אָנגעהייבן פאַרשרייבן שיפּפּאַסאַזשירן קיין יפו. לויט די דירעקטיוון פון דער דעניקין־מאַכט, האָט מען געמעגט אויפנעמען אַלס רייזנדער נאָר יענע פערזאָנען, וועלכע האָבן געקאָנט דערווייזן זייער פּאַלעסטינע־אָנגעהעריקייט דורך דעם. וואָס זיי האָבן שוין אַמאָל באַזוכט דאָס לאַנד, דורכן זכות פון אייגנטום, וואָס מען פאַרמאָגט אין ארץ־ישראל און דורך קרובהשאַפט מיט יענע, וואָס וואוינען שוין דאָרט.

צווישן די רייזנדער פון דער ארץ־ישראל־שיף האָבן זיך דאַן פאַרשריבן אַלע אָדעסער העברעישע שריפטשטעלער און מיט זיי אויך מרדכי ספעקטאָר מיט דער פרוי, וועלכע האָבן

זיך אַזוי אַרום געוואָלט דורכרייסן קיין אַמעריקע, וואו די פינסקיס האָבן זיי צוגעגרייט אַ נייע רואיקע היים.

ספעקטאָר פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג אין פּאַלעסטינע-אַמט צווישן דעם פאַראינטערעסירטן עולם פּאָרער, און האָט זיך דאָרטן אָנגעזאַפּט צוזעט מיט יידישע צרות; און איינמאָל איז ער צו מיר געקומען מיט זייער אַ ווילכטיקן נייס. אַט, אַ שטייגער, האָט ער דאָרטן, אין פּאַלעסטינע-אַמט, געפונען אַן אמתע יידישע טאָכטער, דווקא אָן אַ שייטל, נישט קיין טיפּיש-פרומע יידענע, אַ געקנאָטענע אָדעסערין, נאָר אַ יידישע טאָכ-טער פון גאָטס גענאָד, און איך האָב גלייך געמוזט גיין מיט אים זיך באַקענען מיט איר.

געווען איז עס אַ שיינע זויבערע פרוי פון מיטעלע יאָרן מיט אַ ווייס-זילבערנעם קאָפּ און זייער אַ גלאַטער צונג פאַר אונזער מאַמע-לשון. זי איז נישט געווען קיין ציוניסטין, נאָר זי האָט פאַרמאָגט דריי הויך-דערוואַקסענע זין, ווי די ריזן. האָט זי געוואָלט אַ קלייניקייט: איידער זיי, אירע דריי רייזיקע בחורים, זאָלן דאָ, אין רוסלאַנד, אַלעמאָל שטיין אויף סכנות-נפשות ביי אַן אַנדער באַנדיטן-אַטאַמאַן, זאָלן זיי שוין בעסער פאָרן קיין ארץ-ישראל פּשוט אויף גאָטס באַראָט. נאָר וואו האָט זי דאָס רעכט דערויף? זי איז דאָרטן קיינמאָל נישט געווען, קיין אייגנטום אין לאַנד האָט זי אויך נישט, איז סיידן קרובהשאַפט...

„יאָ", זאָגט זי צו דעם באַאַמטן, „איך האָב דאָרטן זייער אַ נאָענטע קרובה, איך האָב דאָרטן אַ מאַמען..."

„אַ מאַמען? זייער גוט. ווער איז זי אַזעלכע?"

„וואָס הייסט, ווער? די מוטער רחל!..."

צווישן דעם עולם איז געוואָרן אַ גרויס געלעכטער, נאָר די יידענע האָט זיך נישט געלאָזט איבעררעדן. זי האָט עס געמיינט זייער ערנסט. זי איז עס גרייט געווען צו זאָגן דעם שטאָט-קאָמענדאַנט אַליין.

און ספעקטאָר האָט אָנגעקוואָלן פון איר.

„הערט נאָר, וואָס אַ יידישע טאָכטער קאָן זיך פאַרגינען. זיצן דעניקינס באַנדיטן און שיכּורים ביים אָדעסער פּאָרט און מאָנען ביי יידן קרובהשאַפט אויף ארץ-ישראל. ס'איז זייער באָבעס דאגה! און די ציוניסטן האָט דאָס לשון אָפּגענומען. קומט אַ יידענע און גיט פּשוט אַ זאָג: די מוטער רחל... ס'איז באמת אינטערעסאַנט, וואָס וואָלט דערויף געזאָגט דער קאָמענדאַנט?"

ספּעקטאָר האָט דערנאָך לאַנג גערעדט פון דערדאָזיקער יידענע מיט איר אָריגינעלער ארץ-ישראל-קרובהשאַפט. ער האָט אפילו געחלומט אָנצושרייבן וועגן איר אַ דערציילונג, נאָר איך ווייס נישט, צי ער האָט עס געטאָן, ווייל אויף אָדעס האָבן זיך דאַן גערוקט נייע שטורעמטעג פון צער און צאָרן. די דעניקין-מאַכט האָט שוין, גאָט צו דאַנקען, געגוססט אין באַנדיטיזם און שיכּרות, און די געדונגענע ארץ-ישראל-שיף האָט אין די נאָענטסטע טעג זייער גוט געדינט די דעניקין-פּאַטריאָטן, אַרויסצוראַטעווען קיין אויסלאַנד דאָס אָנגערויבטע יידישע פאַרמעגן און די שוואַרץ-שיכּורע קעפּ, אויף וועלכע ס'האָט געלויערט דער גרויל פונם רויטן טעראָר.

ו

אַז די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין אָדעס, האָט ספּעקטאָר פאַרלוירן יעדע האָפענונג צו באַקומען בקרוב הילף פון זיינע אַמעריקאַנער קרובים. דאָסמאָל האָט זיך די נויט האַרב אַרויפגעוואָרפן אויף אים, און ער איז אומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטער. מיט דוד פּינסקיס זיכערע בריוו אין די הענט פלעגט ער זיך ווענדן צו גוטע פריינט און באַקאַנטע

נאָך הלוואות, אָבער יעדער אייציקער האָט נאָכגעקוקט אין שרעק די געשעענישן פֿון לאַנד און אַלע האָבן זיך געוואָלט באַוואָרענען פֿאַר די טרויעריקע סיורפּריזן פֿונם מאָרגנדיקן טאָג.

און ס'איז אים מער נישט געבליבן, ווי די האָפֿענונג אויפֿן שריפֿטשטעלער-פּאַיאָק פֿון דער רעגירונג און אויפֿן אייגענעם ביסל באַלעבאַטישקייט, פֿון וועלכן די פֿרוי ספּעקטאָר האָט אָנגעהייבן צו פֿאַרקויפֿן און בייטן אויף עס-מיטלען.

די פֿאָדאָליער אַלט-גוטע לעזער פֿונם „יודישען מוזשיק" און דעם „הויז-פֿריינד" פֿלעגן אפֿילו פֿון זייערע געוועלבלעך אין די טיף-יידישע גאַסן, לעבן דעם אַלטן אָדעסער מאַרק, נאָך אַלץ פֿאַרזאָרגן ספּעקטאָרן מיט מציאות אויף שבת און מיטן וואָך. אָבער ער אַליין האָט שוין דאַן פֿעסט געטראַכט וועגן אַ פּלאַן צו פֿאַרלאָזן רוסלאַנד.

איבערהויפּט האָט זיך ביי אים געשטאַרקט דערדאָזיקער געדאַנק, ווען ס'איז געשטאָרבן פֿון הונגער און קעלט מענדעלעס אלמנה.

זי, די אַלטינקע, האָט שוין אַפֿילו נישט געקענט נהנה זיין פֿון דעם אַקאַדעמישן פּאַיאָק, וואָס מען האָט איר צוגעטיילט. דאָס פּורל האַלץ, וואָס דער אָדעסער ראַט האָט אַריינגעשיקט צו דערוואַרעמען אירע אַלטע ביינער, איז שוין אָנגעקומען צו שפּעט, און אויף ספּעקטאָרן האָט עס אַ באַזונדערס שווערן איינדרוק געמאַכט.

ווען מיר זענען געגאַנגען פֿון דער לוויה זאַלבעדריט: ספּעקטאָר, בערטע און איך, זענען מיר, אויף זיין פֿאָרשלאַג, אַריינגעגאַנגען נאָכאַמאָל אָנקוקן די וואוינונג, וואו ס'האָט געלעבט דער זיידע פֿון דער יידישער ליטעראַטור. געווען איז עס אין אַ גרוי-קאַלטן נאָכמיטאָג. אינם איינציקן באַהייצטן צימער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט דעם זיידנס אַ שווייגנדיקע קרענקלעכע טאָכטער, איינגעבויגן און צעבראָכן פֿון לעבן און נויט. אין די איבעריקע צימערן האָבן זיך אַרומגעדרייט ווילדפֿרעמדע מענטשן.

אַרבעטער האָבן עפּעס דאָרט די פּאָדלאָגעס געריסן און צורעכט געמאַכט די טירן. מען האָט די דירה, ווייזט אויס, פאַר עמעצן צוגעגרייט. ספּעקטאָר האָט זיך געלאָזט לויפן אַראָפּ פון די טרעפּ און איך מיט זיין פרוי נאָך אים.

גייענדיק אַהיים, האָט ער גערעדט וועגן דער פאַרשטאָר־בענער זקנה. ער האָט איר נאָכגעזאָגט ווייבערישע מדות טובות פאַר איר ערלעכן האַלטן דעם זיידן, און דערביי האָט ער געשמייכלט איבער איר קאַרגשאַפט, וועלכע איז אויך געווען עכט־ווייבעריש. צו זיין אַכציקיאָריקן געבוירנטאָג האָט זי גע־פּאָדערט, אַז דער יובילײ־קאָמיטעט זאָל איר אומקערן די זעכ־ציק רובל פינפער־קאָפּיקעס, וואָס זי האָט אויסגעגעבן אויף די טעלעכע הונדערט געברענגטע דעפּעשן, מיט וועלכע יידן פון אַלע עקן וועלט האָבן באַגריסט דעם זיידן.

און ווידער האָט ספּעקטאָר געשמייכלט איבער איר, דער באָבעניו. אַ יידענע. אין דער יוגנט האָט זי נישט איבעריקס געהאַלטן פונם מאַנס כתבים, נאָר אַז עס זענען אָנגעקומען פאַר דער יובילײ־אויסגאַבע היפּשע עטלעכע טויזנט רובל, האָט זי אויסגעשריען אין התפעלות:

„אוי, שלומקע, שרייב נאָך!..״

לאַכנדיק פון דידאָזיקע קוריאָזן, האָט פרוי ספּעקטאָר באַמערקט, אַז דערפאַר האָט זי שוין געקענט ביישטיין דעם נסיון פון אַ יידיש־שרייבערישער עשירות. ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט ספּעקטאָרן, האָט ער פאַרמאָגט אַכצן רובל זיין אייגנס, וואָט ער האָט אָפּגעלייזט פאַרן „הויז־פריינד״ אין די בעסאַראַבישע און פּאָדאָליער שטעטלעך. און ער איז געווען אַזוי שטאָלץ מיטן דאָזיקן פאַרמעגן, אַז ער האָט זיך נישט געשעמט ערב־שבת געבן עס צו באַהאַלטן דער כלהס משפּחה, און אירע חברטעס האָבן דערנאָך געהאַט צו לאַכן פון איר חתנס עשירות.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַדויערט, וואָס זי, די שיינע געראָטענע בתיהלע, וועלכע איז געווען אַן איידל־באַלעבאַטישע

טאָכטער פון דער גאָלדענער פּאָן אינם פּאָדאָליער יידישן ישוב, האָט קוים חתונה געהאַט פאַר אַ יידישן שרייבער, וואָס פאַר-מאָגט זיינע אַכצן רובל אייגנס.

און בערטע האָט גוטמוטיק געשמייכלט: זי האָט קיין חרטה נישט אויפן שידוך, כאָטש ער האָט מיט איר נדן גע-מאַכט שלעכטע פאַרלעגערישע געשעפטן.

„און איך אויך נישט," האָט ספעקטאָר צוגעגעבן.

זיין פאַרמעגן האָט זי אים נישט אויסגעבראַכט, זיינע אַכצן רובל פונם „הויז-פריינד" זענען נאָך אינגאַנצן.

ווען מיר האָבן זיך געזעגנט ביי דער טיר פון זייער וואוינונג, איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט. ספעקטאָר האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל קומען, וועט ער מיר דערציילן אַ סוד. נאָר אַז איך בין געקומען צומאָרגנס מיטאָגצייט, זענען שוין ביי אים געזעסן אַלע אונזערע יונגע קאָלעגן, וואָס ער האָט זיי גערופן: ד י ב ח ו ר י ם.

אַלע האָבן זיי שוין געוואוסט פונם סוד, אַז ספעקטאָר האָט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן.

„איר, קינדערלעך", האָט ער געזאָגט, „קענט נאָך אויס-וואַרטן אויף בעסערע צייטן, אָבער איך דאַרף מיך צואיילן... איך קען נישט ריזיקירן מיט מיינע לעצטע צען יאָר, וואָס זענען מיר געבליבן צו לעבן... איך וועל פאָרן צום דניעסטער און דאָרטן וועל איך מיך שוין אַוועקלאָזן איבער דער גרענעץ, ווי אַלע יידן. אַלע יידן גייען, וועל איך אויך גיין. וואָס בין איך עפּעס פאַר אַ מיוחס? און גאָט וועט העלפן, נאָר דער-ווייל רעשט נישט און דערציילט עס נישט קיינעם..."

אַזוי האָט ספעקטאָר באַשלאָסן און אַזוי האָט ער געטאָן. ער מיט בערטען, ביידע האָבן זיך גלייך גענומען אַלצדינג אויסצופאַרקויפן. אַ געטרייע יידישע האַנט פון זיינע אַלטע „הויז-פריינד"-לעזער האָט זיך שוין אויך געמיט וועגן אַ זיכע-רער פור קיין ריבניצע און דאָרטן, לעבן דניעסטער, האָבן

שוין פײנע און לײטישע באַלעבאַטים באַזאָרגט פאַר ספעקטאָרן אַ דירה.

דעם לעצטן אָוונט זענען מיר זיך פאַרזעסן שפּעט. אַלע האָבן זיך שוין געהאַט אָפּגעזעגנט, נאָר איך מיטן יונגן דיכ־טער קראַסניאַנסקי זענען נאָך געבליבן. אין צימער איז געווען טונקל און שאָטנדיק פונם בלענד־צאַנקעדיקן אײלעמפּל, נאָר די ווירטשאַפט איז נאָך געווען אויפן אָרט, ווײל אַלצדינג איז געווען פאַרקויפט צו אײגענע מענטשן, וואָס האָבן עס באַדאַרפט צונעמען נאָך זײער אָפּפאָרן. איך מיט קראַסניאַנסקין האָבן געוואָלט זיצן מיט די ספעקטאָרס ביז פאַרטאָג, ביז די פור וועט קומען, אָבער ער, ספעקטאָר, האָט זיך אָנגערופן:

„גײט, קינדערלעך, גײט... די פור איז טריף און די נסיעה איז טריף... גאָט איז מײן עדות, אַז דאָס זענען נישט מײנע וועגן, נאָר איך טאָר נישט ריזיקירן מיט מײנע לעצטע צען יאָר... איר האָט נאָך צײט אויף אַלצדינג און איך האָב שוין קײן צײט נישט... אָבער מיר וועלן זיך נאָך זען אין אויסלאַנד. איר, רחלע, וועט קומען צו אונדז קײן אַמעריקע, גלײך צו אונדז, און איר, קראַסניאַנסקי, וועט דאָך קומען צו אײערע ברידער קײן קאַנאַדע, וועלן מיר דאָרטן זײן נאָענטע שכנים... און דערווײל גײט אײך געזונטערהײט און דערצײלט קײנעם גאָרנישט... שווײגט...“

מיר האָבן זיך אַלע פיר צעזעגנט אין זײער אַ גוטער שטימונג.

ספעקטאָר האָט אונדז באַגלײט צו דער טיר פון קאָרידאָר, נאָר אין דער רגע האָט ער זיך עפּעס דערמאָנט און איז אַרײנגעלאָפן צוריק צו זיך אין צימער.

ער האָט אַרויסגעטראָגן אַ קלײן גלעזערן לײכטערל און האָט עס מיר אָפּגעגעבן צו די הענט, זאָגנדיק:

„נאַט! קײן בעסערע מתנה האָב איך איצט נישט...“

איך האָב אים אַ קוש געטאָן אין קאָפּ און איך מיט קראַסניאַנסקין האָבן באַלד פאַרלאָזט זיין הויז.

ספעקטאָרן האָב איך מער נישט געזען.

* *
*

... געווען איז עס ווינטער אין יאָר תרפ״א. דעם יונגן יוסף קראַסניאַנסקין האָבן דעמזעלבן יאָר די רומענער דער־טרונקען אין דניעסטער, ווען ער האָט זיך געוואָלט אַריבער־פּעקלען קיין קאַנאַדע צו זיינע ברידער, און ספעקטאָר האָט זיינע לעצטע צען יאָר נישט אויסגעלעבט!

דער לעבנסדורשטיקער ספעקטאָר האָט זיך זייער און זייער צוגעאיילט...

ווארשע, כ״ג כסלו תרפ״ח

# מיין ערשטע באַגעגעניש
# מיט מרדכי ספעקטאָר.

## שכנא עפשטיין.

כ'האָב זיך שוין אָפּגעריסן פון דער גמרא, גענומען פאַרגעסן דעם טאַטנס פּעטש פאַר כאַפּן מיך לייענען פּרץ סמאָלענסקינס „התועה בדרכי החיים". מ'האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ רב. אפילו דער פּרואוו מיט דער וואָלאָזשינער ישיבה האָט נישט געהאָלפן.

ווען ס'איז אָפּגעדרוקט געוואָרן מיינער אַ שיר אין „המליץ", דאַכט זיך, וועגן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, האָבן טאַטע-מאַמע איינגאַנצן אָפּגעלאָזט די לייצעס. אויב נישט קיין רב, איז השכלה. מ'האָט מיר געדונגען אַ לערער פאַר רוסיש, האָב איך פאַראייניִקט געזוברעוועט בלאָשטיינס יידיש-רוסישן ווערטערבוך, געוואוסט אויף אויסווייניק דעם דריטן טייל פון וואָלפּערס „רוסקאַיאַ רעטש", געלייענט שוין אומגעשטערט פּרץ סמאָלענסקין, אברהם מאַפּו, יהודה-לייב גאָרדאָן, ווייסעס „דור ודורשיו".

פון „זשאַרגאָנישע" ביכער האָב איך געקענט אַ היפּש ביסל שמ"רס ראָמאַנען. איך האָב זיי אָבער נישט געהאַלטן פאַר קיין ליטעראַטור, נאָר פאַר אַזוי מעשיות. דער טאַטע פלעגט טענהן, אַז דאָס זענען ביכלעך פאַר ווייבער און דינסט-

מיידלעך, נאָר נישט פאַר משכּילים, אַז בכּלל איז „זשאַרגאָן" נישט קיין שפּראַך. העברעיש איז דער עיקר, אויב איך האָב שוין פאַרלאָזן די גמרא. גוט איז אויך רוסיש, די שפּראַך פון דער מדינה.

קומט צו אונז מאיר דער גלעזער, וואָס פלעגט זיין אונזערער אַ שטענדיקער אורח. אויף אים פלעגט מען זאָגן מורמלען, אַז ער פירט אַראָפּ פון דרך הישר מיט זיינע אפּיקורסות די יוגנט פון די קליינע שטעטלעך, וואו ער וויזט זיך מיט זיין וואָגן גלאָזגעשיר. דעם אמת זאָגנדיק, איז די „סטרא אחרא" אויך אין מיר אַריין דורך אים. ער האָט עס אינדערשטיל מיך אַגיטירט צו פאַרלאָזן די גמרא און נעמען זיך פאַר בילדונג.

דערדאָזיקער מאיר דער גלעזער איז געווען אַ בלאָנד יידל, אַ קיילעכדיקס, האָט גיכער געהאַט דעם אויסזען פון אַ פּאָנקע. זיינע אויגן פלעגן באַזונדערס שמייכלען, ווען ער פלעגט קוקן אויפן ווייבערישן געשלעכט; זיי פלעגן ווי שפּריצן מיט פייער. מיט אונזער געזונטער שיינער דינסט רבקה איז ער געווען, קענטיק, אינטים.

איינמאָל, שבת בייטאָג, ווען אַלע האָבן אין שטוב זיך צוגעלייגט נאָכן קוגל, האָב איך אים צופעליק געכאַפּט זיצנ־דיק מיט רבקהן אויפן בוידעם און לייענענדיק פאַר איר אַ ביכל. ביי רבקהן האָבן די באַקן געפלאַמט, די האָר זענען געווען צעשויבערט. ער האָט זי צאַרט געהאַלטן ביי דער האַנט און אַזוי ווי פון אַרבל געזרויכערט אַ פּאַפּיראָס.

איך בין, פאַרשטייט זיך, אָן אויפגעציטערטער געוואָרן, ווען איך האָב דאָס דערזען, האָב געוואָלט מאַכן אַ געוואַלד. מאיר דער גלעזער האָט מיך אָבער גלייך אַריינגענומען אין זיין „אַגיטאַציע". און איך האָב רבקהן געגעבן אַ וואָרט, אַז איך וועל האַלטן מויל, נישט אַרויסגעבן איר זינד.

אַ מאָדנעם מאַגנעט האָט געהאַט אָט דאָס געלע יידל. זיין יידיש איז געווען דורכגעוואָרפן מיט רוסישע ווערטער.

ער האָט מיט זיינע געשפּרעכן באמת געמאַכט אין מיר אַ גאַנצע איבערקערעניש.

ווען טאַטע-מאַמע האָבן דערזען די ענדערונג אין מיר, האָבן זיי גלייך געוואָרפן אַ חשד אויף מאירן. כ'געדענק, אַז איינמאָל האָט זיך מאיר אָפּגעהיצט מיטן טאַטן אַ גאַנצע נאַכט. כ'האָב געהערט אָפּט דערמאָנענדיק מיין נאָמען. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז איך האָב געקאָנט לייענען וועלכע העברעישע ביכער איך האָב נאָר געקענט קריגן.

ווען מאיר דער גלעזער איז געקומען צו פאָרן, בעת איך בין שוין געווען אַ גאַנצער משכיל, האָט ער מיך גע-בומען באַקענען מיט דער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור. דאָס ערשטע האָט ער מיר דערלאַנגט מענדעלעס מוכר-ספרימס „קליאַטשע". ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די „קליאַטשע" האָט עס מאיר פאַרגעלייענט פאַר אונזער דינסט רבקהן יענעם שבת בייטאָג, ווען איך האָב זיי געכאַפּט אויפן בוידעם.

די „קליאַטשע" איז נאָכדעם געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. אויך ביי אונז האָט די מאַמע זי פאַרגעלייענט פאַר די שכנות און אויסגעטייטשט עס ווי אַ משל אויף דער פאַר-וואָגלטער כנסת ישראל.

רבקה האָט געכיקעט אינדערשטיל פון דערדאָזיקער אויסטייטשונג. ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, האָט זי מיר דערקלערט די „קליאַטשע" לויט מאירס פּירוש, ווי אַ היינטוועלטיקע אָפּשפּאָטונג פון דער אָפּגעשטאַנענער כנסת ישראל.

כ'האָב דערזען, אַז אויך אין „זשאַרגאָן" קענען זיין אַזעלכע ערנסטע ליטעראַרישע חיבורים, ווי אין העברעיש און געבעטן מאירן, ער זאָל מיר קריגן אַנדערע ביכער אין „זשאַרגאָן", ווי די „קליאַטשע". פון זיין טשעמאָדאַן האָט ער אַרויסגעשלעפּט מרדכי ספּעקטאָרס „עניים ואביונים", אַ באַנד „הויז-פריינד". ביידע ביכער האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן

איינדרוק, און איך בין געוואָרן אַ גרויסער אָנהענגער פון דער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור.

מאיר האָט מיר אָנגעוויזן אַ קוואַל, וואו איך קען זי קריגן — נישט ביי קיין אַנדערן, ווי ביים דאָקטאָר, וואָס מ'האָט געהאַלטן פאַר אַ גוי גמור, נאָר וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

ווען רבקה איז אַוועק פון אונז אין אַן אַנדער שטאָט, האָב איך שטאַרק באַדויערט, ווייל מיט איר האָב איך זיך געקענט טיילן מיט מיינע איינדרוקן פון איבערגעלייענטן, בפרט נאָך, אַז זי פלעגט אַזוי וואַרעם גלעטן איבער די האָר און נאָכאַמאָל דעריבאַנגען אַ הייסן קוש.

דאָס איז געווען אַ מיידל אַ ברען, מיט אַ זעלטענער אינערלעכער אינטעליגענץ. וועגן מאירן פלעגט זי רעדן מיט באַגייסטערונג. מענדעלע מוכר-ספרים און ספּעקטאָר זענען פאַר איר געווען געטער.

זי האָט מיר אָנפאַרטרויט אַ סוד, אַז דעם דאָקטאָרס ווייב לערנט איר רוסיש, אַז יידיש האָט זי זיך אַליין אויס-געלערנט; מ'האָט איר בלויז באַוויזן דעם אלף-בית. איך האָב נאָך איר שטאַרק געבענקט, און אָט די בענקשאַפט האָב איך דאָס צום ערשטן מאָל אויסגעדריקט אין אַ זשאַרגאָניש ליד.

מיין חבר שייקע, וואָס האָט דורכגעמאַכט כמעט די-זעלבע אַנטוויקלונג, וואָס איך, האָט אויך עפּעס אָנגעשריבן אַ ליד.ביידע האָבן מיר נאָך איבערגעזעצט בשותפות אַ קליין לידל פון רוסישן דיכטער לערמאָנטאָוו און מיר האָבן באַ-שלאָסן אונזערע „ווערק" אַוועקצושיקן אין „הויז-פריינד" צו ספּעקטאָרן. ווי גרויס איז געווען אונזער פרייד, ווען אין עטלעכע וואָכן אַרום באַקומען מיר אַ בריוו פון ספּעקטאָרן אַליין, אָנגעשריבן מיט אַ שיינער קלאָרער האַנטשריפט, אַז די ערשטע פּרואוון זענען נישט געלונגען. נאָר ער ראַט אונז ווייטער צו שרייבן, פיליכט וועט עפּעס אַרויסקומען.

דעם בריוו האָט אָפּגענומען דער טאַטע. די מעשה איז

אים געפעלן געוואָרן, און איך האָב שוין געקענט אומגעשטערט לייענען אויך „זשאַרגאָנישע" ביכער. יעדעס מאָל, ווען דער טאַטע פלעגט פאָרן געשעפטלעך קיין ווילנע, פלעגט ער מיר ברענגען אַ מתנה אַ העברעיש בוך און אַ זשאַרגאָניש.

ספּעקטאָרס דערמוטיקונג צו שרייבן ווייטער האָט גע־בראַכט דערצו, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך שוין געהאַט היפּשע עטלעכע העפטן מיט גראַמען. טאַטע־מאַמע האָבן זיך גענומען באַאומרואיקן פאַר מיין שטענדיקער פאַר־טראַכטקייט, נאָר מאיר דער גלעזער, וואָס פלעגט אונז אָפט באַזוכן, פלעגט זיי אויסלאַכן. ער פלעגט טענהן: איר וועט זען, ס'וועט נאָך פון אים אַרויסוואַקסן אַ פּאָעט, און זיי פלעגן מיך לאָזן געמאַך.

איך געדענק, אַז איינמאָל פאַר פּסח האָב איך אָנגע־שריבן אַ גרויסן שיר „דער סדר".

דער טאַטע איז געווען דערפון אַנטציקט. ער האָט דאָס אפילו פאַרגעלייענט פאַר אייניקע באַלעבאַטים. יענע האָבן געקרימט מיט די נעזער: וואָס איז דער תכלית דערפון?

דער טאַטע האָט זיי אָנגעברוגזט געענטפערט, אַז זיי זענען שוטים און פאַרשטייען גאָרנישט. מיט זיינע אייגענע הענט האָט ער דעם שיר אַריינגעלייגט אין אַ גרויסן קאָנווערט און עס אַוועקגעשיקט מיין פאַרהייראַטער שוועסטער אין וואַרשע, כדי צו ווייזן מבינים.

די שוועסטער האָט מיר פאַרן שיר צוגעשיקט אַ שיינע מתנה, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, איך זאָל אַוועקפאָרן גלייך נאָך פּסח קיין וואַרשע שטודירן.

דער טאַטע האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל נעמען מיט זיך אַלע מיינע כּתבים. זיין אָנזאָג איז געווען איבעריק, ווייל איידער וואָס־ווען, האָב איך שוין אַלע מיינע כּתבים געהאַט פאַרפּאַקט אין מיין קעסטל זאַכן.

אויפן דריטן טאָג נאָך מיין אָנקומען קיין וואַרשע, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ וויזיט ספּעקטאָרן. דער באַשלוס,

איז, פאַרשטייט זיך, מיר אָנגעקומען נישט לייכט. ביי דעם איין געדאַנק, צו שטיין פּנים אל פּנים מיט ספּעקטאָרן, האָט מיך געוואָרפן אין היץ און אין קעלט. קיין לעבעדיקן שרייבער האָב איך דאָך אין די אויגן נישט אָנגעזען; האָט זיך ספּעקטאָר אויסגעמאָלט אין מיין רעיון, ווי עפּעס אַ פאַנ-טאַסטישע פיגור.

איך האָב זיך אים אַנדערש נישט פאָרגעשטעלט: הויך ווי עוג מלך הבשן, אַ געגאָלטער, מיט פּעך-שוואַרצע וואָנסעס, לאַנגע געקודלטע האָר, אין אַ צילינדער און אַ פּעלערינע, מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל. פון „הויז-פריינד" האָב איך געוואוסט, אַז ער וואוינט אויף נאָוואָליפּיע 7.

אין פאַרלויף פון אַ וואָך צייט בין איך געגאַנגען צו דעם הויז אויף נאָוואָליפּיע, זיך דערוואוסט געגוי אין וועלכער דירה ספּעקטאָר וואוינט, נאָר נישט געוואַגט אַריינצוגיין. נישט איינמאָל בין איך שוין געווען ביי דער טיר, געהאַלטן די קליאַמקע, נאָר ס'פלעגט מיר טרייסלען אַ צאָן אָן אַ צאָן און איך פלעג אַוועקלויפן צוריק, ווי עמעצער וואָלט מיך געיאָגט אין פּלייצע.

דאָס הויז אַליין אויף נאָוואָליפּיע 7 האָט מיך שטאַרק אַנטטוישט; זיין אָפּגעלאָזט, פאַרכמורעט אויסזען האָט עפּעס נישט האַרמאָנירט מיט מיין פאָרשטעלונג וועגן ספּעקטאָרן.

ווי קומט ער, האָב איך געטראַכט, צו וואוינען אין אַזאַ קאַסטן? ער דאַרף זיין, אויב נישט אין אַ פּאַלאַץ, איז, אַמ-ווייניקסטנס, אין אַזאַ ליכטיקער אָפּגעזונדערטער געביידע, ווי דער „מיראָוואָי סודיאַ" אין אונזער שטעטל, מיט אַ שיינעם גאָרטן אַרום, פול מיט פרישקייט און מחיהדיקן גרינס. צום סוף גאָר אַזאַ נעבעכדיק פּילשטאָקיק הויז.

פונוואַנען האָט זיך גענומען ביי מיר דער באַגריף וועגן ספּעקטאָרן, ווי וועגן אַ רייכן אַריסטאָקראַט, ווייס איך נישט.

אין זיינע ווערק, וואָס איך האָב שוין געהאַט צום גרעסטן טייל דורכגעלייענט, האָבן זיך גאָרנישט געפילט קיין רייכקייט

און אַריסטאָקראַטישקייט; זיי האָבן, פאַרקערט, געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק גראַד מיט זייערע רעאַלע לעבנס-שילדערונגען, מיט דער וואַרעמער באַציונג צו די אָרעמע, מיט דער איראָניע צו די רייכע.

אין דעם פּרט זענען דאָך ספּעקטאָרס ווערק געווען גראַד דער היפּוך צו שמ״רס פּרינצן און פּרינצעסינס מיט זייערע קרישטאָלענע פּאַלאַצן, לאַקייען, הינט און יעגערס. מסתּמא האָט דאָ געהאַט אַ ווירקונג אויף מיר רבקה, וואָס פלעגט זיך פאָר-שטעלן גרויסע מענטשן, וועגן וועלכע זי האָט געלייענט, דווקא ווי אַ אַריסטאָקראַטן, וואָס גייען זייער רייך אָנגעטאָן און לעבן אין כּל-טוב. איז וואָס קען זיין שענער, ווען איינער גייט אין אַ צילינדער און אַ פּעלעריגע, מיט געקרײַזלטע האָר און וואוינט אין אַזאַ הויז, ווי דער „מיראָוואַי סודיאַ״ פון אונזער שטעטל?

עס האָבן נאָך געפעלט צום רומל אַ וועליסאָפּעד און אַ קאָטש, געשפּאַנט מיט אַ פּאָר הייסע פערד.

רבקה פלעגט מיר זאָגן נביאות, אַז אויב איך וועל ווערן אַ שרייבער, וועל איך אויך אַזוי אויסזען אין לעבן... האָט דאָס די רבקה געהאַט אַ פאַנטאַזיע...

איינמאָל, אַ פאַרנאַכט, נאָך אַרומבלאָנקען זיך אַרום נאָ-וואָליפּיע 7 היפּשע עטלעכע שעה, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט; כּדי נישט חרטה צו האָבן אויף מיין באַשלוס, האָב איך, ווי אַן אונטערגעשאָסענער, גענומען אַרויפלויפן אויף די פינ-סטערע דריי שטאָק טרעפּ, אַז איך האָב שיעור נישט געבראָכן האַלז און נאַקן.

אַ צעטומלטער, האָב איך אָנגעהייבן קלאַפּן, דאַכט זיך, מיטן גאַנצן כּוח אין טיר, אַזוי ווי איך וואָלט זיך וועלן אַריינברעכן אין איר. כ׳האָב לאַנג געקלאַפּט, און ענדלעך האָב איך דערהערט אַ בייז ברומען.

די טיר האָט זיך פאַנאַנדערגעעפנט. פאַר מיר איז גע-שטאַנען אַ קיילעכדיקע פיגור, אַ באָרוועסע, מיט אַ ליכט אין דער האַנט, די געזיכטסשטריכן האָב איך נישט באַמערקט, נאָר

געוואָרפן האָבן זיך מיר אין די אויגן צעלעכערטע עלנבויגנס פון אַ רעקל, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון אַ פּאָר געזונטע פּלייצעס. כ'בין געווען זיכער, אַז איך האָב נישט געטראָפן דעם ריכטיקן פּלאַץ, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט.

די קיילעכדיקע פיגור האָט מיך מיט פאַרוואונדערונג באַטראַכט און געפרעגט, וואָס איך דאַרף. מיין „גרינער" אויסזען האָט שוין מסתמא געגעבן צו פאַרשטיין, ווער איך בין.

ס'האָט גענומען היפּשע עטלעכע מינוט, איידער איך האָב אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און אַרויסגערעדט אין מיין צעקאַ־ליעטשעטן רוסיש (אַנדערש האָט מיר נישט געפּאַסט), אַז איך דאַרף האָבן דעם הער מרדכי ספּעקטאָר, דעם רעדאַקטאָר פון „הויז־פריינד", דעם פאַרפאַסער פון די און די ראָמאַנען; איך האָב טאַקע דערביי אויסגערעכנט דעם גאַנצן צעטל.

די קיילעכדיקע פיגור האָט, דאַכט זיך, אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט פּונקט אין אַזאַ רוסיש, ווי מיינער:

„דאָס בין איך!"

איך בין געבליבן שטיין געפּלעפט. איז אָט דער באָרוועסער קיילעכדיקער מענטשל מיט די צעלעכערטע עלנבויגנס ספּעקטאָר אַליין? ניין, עפּעס גלויבט זיך נישט.

ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איך האָב ספּעקטאָרן אויפ־געוועקט פון שלאָף. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געשריבן, האָט ער זיך בייטאָג צוגעלייגט. אַזוי האָט ער מיר טאַקע גלייך דערקלערט, אַלץ אין רוסיש, און מיך איינגעלאַדן אין צימער.

צי דער טונקעלער שיין פון ליכט, צי מיין אייגענע שטימונג האָט אָנגעוואָרפן אַרום אַ מרה־שחורה, נאָר עפּעס האָב איך זיך דערפילט באַליידיקט אי פאַר דעם כמורנעם אויסזען פון צימער, אי פון באַלעבאָס.

ספּעקטאָרס געזונטע קיילעכדיקע געזיכט האָט גאָרנישט הארמאָנירט מיט מיין פאָרשטעלונג וועגן דעם געזיכט פון אַ שרייבער, וואָס דאַרף זיין בלאַס און פאַרטראַכט. זיינע אויגן האָבן ווי געלאַכט, קוקנדיק אויף מיין פאַרלאָרנקייט, און ער

האָט מיר גלייך געהייסן דערלאַנגען מיין פּעקל כתבים. אים איז שטאַרק געפעלן געוואָרן די האַנטשריפט, און ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן, צי בין איך דאָס נישט דערזעלבער, וואָס האָט אים מיט נאָך איינעם צוגעשיקט אַן איבערזעצונג פון לער־מאָנטאָוון.

דאָס איז געווען פאַר מיר אַ באַשטעטיקונג, אַז ס'זיצט טאַקע פאַר מיר ספּעקטאָר; זיין צוגעלאָזנקייט, זיין העפלעכע באַנעמונג האָבן מיך געמאַכט מוטיקער און דרייסטער.

דער שמועס האָט זיך געפירט אַלץ אין רוסיש, כדי צו ווייזן, אַז איך בין נישט אַבי־ווער. ספּעקטאָר האָט געוואָלט וויסן, פון וואָס וועל איך לעבן אין וואַרשע, גיט ער מיך אַ פרעג: „אָטשעוואָ ווי בודעטע קושאַט?״ וואָס באַטייט: פון וואָס וועט איר עסן?

אַפילו מיר, וואָס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין געוואַלדיקער קענער אין רוסיש, האָט דער אויסדרוק אַ גרילץ געטאָן אין אויער. ספּעקטאָר האָט מיך אויך געפרעגט, צי איך האָב געלייענט טורגעניעווס פּ אָ ע ז י ע. פאַרוואָס דווקא טור־געניעוון און דווקא זיין פּאָעזיע, ווייס איך נישט. אויף אַזוי־פיל האָב איך שוין געהאַט אַ באַגריף וועגן דער רוסישער ליטעראַטור, אַז טורגעניעוו צייכנט זיך גראָד נישט אויס מיט פּאָעזיע. נאָר מסתמא, אַז ספּעקטאָר פרעגט, האָט עס אַ באַ־דייטונג.

ער האָט מיר געהייסן קומען אין אַ וואָך אַרום, נישט שפּעטער, ווי ניין אַ זייגער אינדערפרי, נאָך אַן ענטפער וועגן דעם גורל פון מיינע כתבים.

נאַטירלעך, אַז אין דעם באַשטימטן טאָג האָב איך, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, זיך געפעדערט צו זיין אויף נאָוואָ־ליפּיע 7, נישט ניין אַ זייגער, נאָר מיט אַ פּאָר שעה פריער.

ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר פּונקט ניין, איז שוין ספּעקטאָר געווען אָנגעטאָן אַוועקצוגיין. ער האָט מיך

באַגעגנט זייער פריינטלעך: זיין געזונט לעבעדיק געזיכט האָט געאָטעמט מיט פרישקייט און זעלבסטצופרידנקייט.

אמת, קיין צילינדער און פּעלערינע האָט ער נישט גע־טראָגן, נאָר ער איז געווען אָנגעטאָן שיין, ווי מען גייט אַפילו נישט אָנגעטאָן ביי אונז יום־טוב; ער האָט געמאַכט גאָר אַן אַנדערן איינדרוק, ווי דאָס ערשטע מאָל. דאָס גרויסע צימער האָט אויך געמאַכט אַן אַנדער איינדרוק; עס איז געווען פאַר־גאָסן מיט זונשיין און געשפּיגלט פון זויבערקייט...

אַ דאַמע, מסתמא פרוי ספּעקטאָר, איז געזעסן ביי אַ פענסטער און עפּעס געמאָלט, נישט אומקערנדיק זיך אַפילו צו אונזער זייט. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט זי זיך פאַר־נומען מיט רעטושירן פאָטאָגראַפישע נעגאַטיוון. איר פּאָזע מיטן פּענזל אין האַנט, ביים רעטושיר־ברעט, האָט צוגעגעבן דעם צימער אַ באַזונדער חן פון אַ קינסטלערישער אַט־מאָספערע.

אויפן טיש, וואו ס'איז געשטאַנען אַן אויסגעלאָשענער סאַמאָוואַר, זענען געלעגן עטלעכע נומערן פון דער וועכנט־לעכער צייטונג „דער יוד", וואָס האָט אָנגעהייבן מיט אַ קור־צער צייט פריער אַרויסצוגיין אין וואַרשע, הגם געדרוקט האָט ער זיך אין קראָקע.

דער געשפּרעך האָט זיך שוין איצט געפירט צווישן אונז אויף פּראָסט מאַמע־לשון. ספּעקטאָר האָט געפונען, אַז מיינע כתבים זענען נאָך נישט ראוי צום דרוק. די שפּראַך איז אָבער גוט, און ווען איך וועל אַרבעטן איבער זיך, קען פון מיר אויסוואַקסן אַ שרייבער. כדי צו באַקענען זיך, ווי מען דאַרף שרייבן לידער, האָט ער מיר געראָטן דורכצולייענען מאָריס ראָזענפעלדס „דער יידישער מאַי" אין איינעם פון די נומערן „יוד".

ער האָט מיך טאַקע מכבד געווען מיט דעם נומער אַלס אָנדענק, אַז איך בין ביי אים געווען. פאַרגעסנדיק זיך, אַז

ער דאַרף אַוועקגיין, האָט ער גענומען אויסדריקן זיין אַנטציקונג מיט מאָריס ראָזענפעלדן.

„אָט דאָס איז אַ טאַלענט, אָט דאָס איז אַ טאַלענט", האָט ער מיך באַגלייט מיט לייכטנדיקע אויגן צו דער טיר.

ער האָט מיך געבעטן, אַז ווען כ'וועל האָבן עפּעס ניי־אָנגעשריבנס, זאָל איך אים ברענגען. ער איז טאַקע זייער פאַרנומען, נאָר ער וועט שוין געפינען צייט.

„מיר דאַרפן האָבן יונגע כוחות, וואָס קענען גוט יידיש, וואָס האָבן אַ סטיל און ליטעראַרישע פעאיקייטן", האָט ער געזאָגט, דריקנדיק מיין האַנט, און איך האָב אין אים דערפילט אַן אמת פאָטערלעכע וואַרעמקייט...

ספּעקטאָרס דעמאָלטיקע אויפמונטערונג האָט פיל ביי־געטראָגן, אַז איך זאָל ווערן אַ שרייבער.

פון מיינע שפּעטערדיקע באַגעגענישן מיט אים האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער האָט מיך געדענקט און אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט מיין שרייבן.

אַזוי איז געווען דער פאַל נישט נאָר מיט מיר אַליין, נאָר מיט צענדליקער אַנדערע.

הגם מיינע וועגן זענען זיך דערנאָך ראַדיקאַל פאַנאַנדער־געגאַנגען מיט ספּעקטאָרס גאַנצן קוק אויף זאַכן, מיט זיינע באַגריפן, האָב איך אָבער שטענדיק געפילט אַ באַזונדער פאַר־געניגן צו טרעפן זיך מיט ספּעקטאָרן, צו פאַרברענגען מיט אים.

ליטעראַטור איז פאַר אים געווען דער קוואַל פון לעבן, און האָט ער ביי עמעצן באַמערקט ליטעראַרישע פעאיקייטן, האָט ער נישט געווענדט קיין אויפמערקזאַמקייט אויף פּאָלי־טישע ריכטונגען, אויף שאַרפע מיינונג־פאַרשידנהייטן. ער איז שטענדיק געבליבן דער טאָלעראַנטער אומפּאַרטייאישער פלעגער און שיצער פון דער יידישער וואָרטקונסט.

איצט קען מען שוין מער אַזעלכע טיפּן נישט טרעפן. די גרויסע איבערקערענישן האָבן די נאָענטסטע אידעענפריינט צעשיידט, צעקריגט, אַרויפגעלייגט אַ שאַרפן שטעמפּל אויף

אויף דער באַציִונג צו ליטעראַטור און אויף דער ליטעראַטור גופא. ספעקטאָר איז געבליבן דערזעלבער אַפּאָליטיקער, ווי שטענדיק, הגם ער איז באַזעסן אַ חוש אויפצוכאַפּן די נייע שטרעמונגען אין לעבן, איז נישט געבליבן פאַרגליווערט, וואָס איז נישט אָפּט דער פאַל אַפילו מיט ייִנגערע פון אים.

# דער לעצטער פון אַ דור.

## ב. קאַרלּיניוס.

אין אונזער ליטעראַטור האָט מען זייער יונג חתונה.

ווי אַלט איז זי אינגאַנצן, די ליטעראַטור אונזערע, אין דעם וועלטלעכן נוסח, ווי מיר האָבן זי איצט?

פופציק-זעכציק יאָר. און נעמט איר זי איינטיילן אין גענעראַציעס, האָט זי שוין, ברוך השם — אוראייניקלעך...

פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע איינטיילונג איז אין עצם נישט מער, ווי אַ פוסט וואָרטשפּיל. דער פאַרשטאָרבענער זיידע פּרץ וואָלט נאָך איצט געווען יינגער פון אַנדערע אייניקלעך, און עטלעכע פון די ט אַ ט ע ס זענען פריש, לעבנס-קרעפטיק, פּראָדוקטיוו — עס שטייען די יונגע און יינגסטע, קוועטשן מיט די פּלייצעס און זענען מקנא: וואו נעמט מען אַזעלכע כוחות!

אפשר דער איינציקער אמתער זיידע, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט אונז ביז די לעצטע טעג—אַ זיידע אין דעם באַגריף פון צייט און טאַקע אויך לויט דעם מהות און דער פאָרם פון זיין שאַפן — איז געווען מרדכי ספּעקטאָר.

כראָנאָלאָגיש דער נאָענטסטער צו דער השכּלה-עפּאָכע, איז ספּעקטאָר איינער פון די געציילטע, וואָס מ'קאָן נישט אָנווייזן ביי זיי קיין שום שפּור פון די לאָזונגען פון יענער

עפּאָכע. אליין א פּשוטער מענטש פון פאָלק, איז ספּעקטאָר נישט באַאיינפלוסט געוואָרן דירעקט פון דער אינטעליגענטישער העברעישער ליטעראַטור—ווי דאָס איז געווען דער פאַל, למשל, מיט מענדעלען, פּרצן אָדער דינעזאָנען. ער איז געקומען אין דער ליטעראַטור מיט דער גאַנצער פּשטות פון א פאָלקסמענטש (ער האָט אַפילו שפּראַכלעך קיין עוואָלוציע נישט דורכגעמאַכט) און מיט דער ערלעכקייט פון אַ מאָלער-דערציילער.

יידן זענען „פיינסטערע מענטשן", אַלע אומגליקן נעמען זיך פון די פרומע פאַנאַטיקער — ספּעקטאָר גריבלט זיך נישט, פּשטלט זיך נישט. ער ווערט דיקטירט אין זיין שאַפן פון א ריינעם קינסטלער-אינסטינקט. ער מאָלט און דערציילט, אַלצאיינס: צי זענען עס גוטע אָדער שלעכטע יידן.

איינער פון יענער צייט—דאַכט זיך, שלמה מאַנדעלקערן— האָט זיך פאַרענטפערט (אין העברעיש, פאַרשטייט זיך):

„קאָכט זיך נישט, ברידער,
כ'האָב גאָרנישט געטאָן;
כ'האָב נאָר דערציילט דאָ,
אַזוי ווי איך קאָן".

ספּעקטאָרן פאַלט גאָרנישט איין, זיך צו פאַרענטפערן. עס איז דאָך פּאַר א קינסטלער אַזוי פּשוט: יידן זענען לעבעדיקע מענטשן. עס איז א רחמנות צו זען, ווי אַן אָרעמאַן מאַטערט זיך. אָבער אָרעמעלייט קאָנען אויך זיין קאָמיש; און ווייבער זענען אינטערעסאַנט און האַלב-קאָמיש אין זייער ווייבעריש טעפּל-לעפּל-לעבן, און קינדער זענען שיין און האַרציק — דו ווערסט מיטגעריסן פון יעדער קליניקייט, און דו מאָלסט און דערציילסט, „ווי דו קאָנסט".

דער נאָוועליסט ספּעקטאָר מיט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק ווייסט נישט פון קיין שום אידעאישע אַלגעמיינע טענ-דענצן — ער איז אין דעם זין אפשר דער איינציקער פון דער גאַנצער פּלעאַדע, וואָס איז ריין מענטשלעך און (ווי פרעמד דאָס זאָל נישט קלינגען) ריין קינסטלעריש.

* * *

א נאָמען באַדייט עפּעס.

עס איז געשען, אַז יצחק-לייבוש פּרץ צוזאַמען מיט מרדכי ספּעקטאָר האָבן רעדאַקטירט די באַקאַנטע „יום-טוב-בלעטלעך”. ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען? ווי אַזוי האָבן דיביידע פון עק-צו-עק אַנטקעגנגעזעצטע נאַטורן זיך געקאָנט פאַרייניקן אין איין ליטעראַרישער מחיצה? זאָלן וועגן דעם דערציילן יענע, וועלכע זענען געשטאַנען נענטער צו דעם פאַקט און געדענקען אים בעסער.

פאַרשטייט זיך, אַז לאַנג האָט דער זיווג נישט געקאָנט אָנהאַלטן. ספּעקטאָר איז אַוועק פון די „יום-טוב-בלעטלעך” און האָט אָנגעהייבן אַרויסגעבן זיינע באַזונדערע „וואָכעדיקע בלעטלעך”.

אין דעם נאָמען ליגט דער גאַנצער מענטש און שריפט-שטעלער ספּעקטאָר, וועלכער האָט נישט געקאָנט אויסקומען צוזאַמען מיט פּרצעס פלאַטערדיקער יום-טובדיקייט.

ספּעקטאָר איז געווען וואָך. ער האָט געהאַט אַן אויג פאַר דער קליינלעכער, וואָכעדיקער אַלטעגלעכקייט פון לעבן, און באַהאַנדלט האָט ער אָט די וואָכעדיקייט ערנסט און זאַכלעך, ווי אַ מענטש, וואָס איז אַליין דערמיט פאַרבונדן און לעבט אַליין אין דער וועלט פון די קליינינקייטן.

אַנדערע האָבן בעסער געמאָלט די גאַס, דעם בית-מדרש, די רבנישע און רביאישע הייזער פון תורה און קדושה און יחוס. ספּעקטאָר האָט געגעבן די פּשוטע שטוב, די קיך, דעם המונישן ייד, דעם בעל-מלאכה. אָט די סביבה איז אים נאָענט געווען און איר לעבן האָט ער געמאָלט מיט אַ תּמימותדיקער מענטשלעכער האַרציקייט און גוטסקייט—אים איז ווייט געווען דער שוואונג פון אַ פּוילישן רבי, פּונקט אַזוי ווי די תּלמיד-חכמדיקייט פון אַ ליטווישן רב. ער האָט אָבער געטראָגן אין

זיך די האַרציקייט און דעם הומאָר פון אַ פּשוטן וואָלינער חסידישן ייִד.

• •

דאָס, וואָס האָט ספּעקטאָרן פאַרבונדן מיט דעם אַרומיקן בּרייטן קולטורשטראָם פון דער ייִדישער גאַס, איז געווען די חבת-ציון-באַוועגונג.

דידאַזיקע באַוועגונג האָט פאַר ספּעקטאָרן נאָר פאַראַלגע-מיינערט דאָס, וואָס איז שוין פון פריער געווען פאַר אים קלאָר און פאַרשטענדלעך. ספּעקטאָר האָט ליב געהאַט דעם יגיע-כּפּימניק און אָפּגעשאַצט זיין חשיבות. איצט איז דערפון אויסגעוואַקסן אַ פּאָקסאידעע, די אידעע פון אַרבעט, אפילו פון ערדאַרבעט. ספּעקטאָר שרייבט אָן אַ ריזיקן ראָמאַן אין וועלכן ער פאַרהערלעכט דעם „ייִדישן מושיק".

דאָס איז אַ דאַטום. דער ראָמאַן האָט, אויסער זיינע צוגעטראַכטע טענדענץ-געשטאַלטן, אויך אויסגעצייכנטע בּילדער פון דער ייִדישער היים, פון דער ייִדישער משפּחה, און דערצו אַ מאַסע כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדישע פיגורן.

דאָ גייט אָבער טאַקע וועגן דער טענדענץ גופא.

דאָס האַלבע יאָרהונדערט, וואָס טיילט אונז אָפּ פון „ייִדישן מוזשיק", האָט דורכגעטרייסלט אונזער לעבן און עס איבערגעבויט און איבערגעפאָרמט. אין זיין צייט אָבער (דע-מאָלט, ווען אונזער באַלעבאַטישער ייִד פלעגט נאָך קוקן מיט בּטול און פאַראַכטונג אויפן בעל-מלאכה) איז דער ראָמאַן גע-ווען אַ לאָזונג, אַ שטיק רעוואָלוציאָניזירונג פון אונזער ווירק-לעכקייט, און דערמאָנסטו דיך, אַז אויף דעם ראָמאַן האָט זיך

דערצויגן אַ גאַנצער דור, און אַז דער דור האָט באמת איינ־געזויגן אין זיך אַ שנאה צו די נישט־פּראָדוקטיווע לופט־פּרנסות און אַ ווילן זיך פון זיי אַרויסצורייסן, — שאַצסטו אָפּ מיט אַ באַזונדער דאַנקבאַרקייט דעם ערלעכן מיטבויער פון אונזער ליטעראַטור, וועלכער האָט טיילווייז אויך מיטגעהאָלפן דירעקט צו דער פאַרווירקלעכונג און פאַרבעסערונג פון אונזער לעבן.

* * *

ספּעקטאָרס שאַרפער חוש פאַר דער וואָכעדיקער אַלטעג־לעכקייט, פאַר דער ווירקלעכקייט פון טאָג, האָט אים צוגעפירט באַענט צו דער זשורנאַליסטיק, ביי וועלכער ער האָט זיך גע־האַלטן ביז זיינע לעצטע טעג.

אויך אין דעם זין איז ספּעקטאָר געווען אַן אויסנאַם צווישן דער גאַנצער משפחה פון די „זיידעס". ספּעקטאָר איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן זשורנאַל, מיט דער טאָג־צייַ־טונג און האָט ליב געהאַט דעם לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט זיין לעזער. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז נישט מענדעלע, נישט פּרץ, נישט דינעזאָן און אפילו נישט שלום־עליכם האָבן נישט באַוויזן אין אַזאַ מאָס צו פאַרבינדן זייער פּערזענלעך לעבן מיט דער פּרעסע, ווי ספּעקטאָר האָט עס באַוויזן. כאָטש ספּעקטאָר האָט אין זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט נישט געשאַפן פאַר זיך קיין זעלבשטענדיקע פאָרם, בעת פּרץ, למשל, קאָן גילטן פאַר אַ מייסטער אין דער פּובליציסטיק און שלום־עליכם איז פאַקטיש דאָך געווען אַ פעליעטאָן־שרייבער.

אין ספּעקטאָרן האָט געלעבט דער געזונטער פאָלקסמענש, וואָס קאָן זיך נישט איינשליסן אין די ד׳ אמות פון רשות־

היחיד; ער האָט געדאַרפט האָבן פאַר זיך דעם ברייטן רשות-הרבים, די גאַס. דערביי איז ער אָבער געווען אַ שריפטשטע-לער פון באַרוף — אַ מענטש, וואָס האָט ליב דעם פּראָצעס פון שרייבן און קוקט אויף דער אַרבעט, ווי אויף אַן עבודה.

אַזעלכע שריפטשטעלער זענען נישט קיין לייכטטורעמס אין אַ ליטעראַטור און זיי ברענגען נישט אַריין קיין פלאַמען.

זיי לייכטן שטיל און באַשיידן און וואַרעמען דאָס געמיט פון זייערע מיטמענטשן: זיי זענען זיידעס,—זיידעס, וועלכע מ'האָט ליב, וועלכע דערציילן מעשיות פון פאַרגאַנגענע צייטן און באַרואיקן, פאַרוויגן...

מיט מרדכי ספּעקטאָר איז אָפּגעשטאָרבן דער לעצטער זיידע אין אונזער ליטעראַטור.

דער לעצטער זיידע, דער לעצטער פון זיין דור!

# אויף ספּעקטאָרס וועגן.

## דוד קאַסעל.

### I

„מיינט נישט, אַז דאָס לשון, אָדער די פאָרם, ווי זיי רופן עס, איז די גאַנצע זאַך. דער עיקר איז דער אינהאַלט, דער תּוך. מען האָט זיך צופיל אַריינגעלאָזט אין לשון, ווי׳ שיפּורים... קיין אינהאַלט איז גאָרנישטאָ, פאַרגעסן אין אינ־האַלט. וואָס טויג אַזאַ שרייבעכץ?"

ספּעקטאָר האָט אויפגעהייבן זיינע צוויי גרויסע שוואַרצע וואַרעמע אויגן, וואָס האָבן זיך אָבער באַלד אָפּגעקילט פון זיינע אייגענע בייזלעכע ווערטער. אַ קאַלט פייערל האָט אויפ־געבליצט אין זיי.

איך בין געזעסן ביי ספּעקטאָרן אין שטוב. עס האָט געדאַרפט זיין אַ געמיטלעכער שמועס ביי אונז. ער האָט מיר פאָרגעלייגט איבערצוזען אַ באַנד דערציילונגען זיינע, וואָס ער האָט געוואָלט איבערגעבן צום זעצן אונטער מיין השגחה.

פלוצלונג אָבער איז ער אַרויפגעפאָרן אויף די י ו נ ג ע. די יונגע האָבן זיך צופיל צעשריבן וועגן דער פאָרם. די פאָרם איז אַלץ. די פאָרם איז די נשמה פון קינסטלער.

פאַר ספּעקטאָרן זענען עס געווען שווערע אומפאַרשטענד־לעכע ווערטער. נאָכמער: פאַר אים איז עס געווען אפּיקורסות, גאָטלעסטערונג אָדער משוגעת.

„דער אמת דאַרף נישט קיין פאַרפּוצטע ווערטער," האָט ער געזאָגט מיט אַ צוגעפּייפּטן אַקצענט. „אַ כּלה פּאַרפּוצט מען, אַ שאַפע שמירט מען אויס מיט לאַק, אַ בילד פּאַסט מען איין אין אַ באַגולדעטער ראַם. דעם אמת אָבער באַדאַרף מען אַרויסלאָזן הויל־נאַקעט, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט... וואָס פּשוטער, וואָס איינפאַכער, אָן קונצן, אָן דריידלעך, אָן פאַרצירונגען. אַז מען יאָגט זיך נאָך שיינע ווערטער, פאַר־געסט מען אין אינהאַלט. וואָס שרייבן זיי, די יונגע? דער בחור איז געגאַנגען צו דעם מיידל, איז דאָס מיידל אַוועק. איז דער בחור אַוועק, איז דאָס מיידל געגאַנגען צו דעם בחור, איז דער בחור אַוועק... אַ מעשה מיט אַ בחור און אַ מיידל, אָדער מיט אַ מיידל און אַ בחור, אַ מעשה, וואָס איז נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק און וואָס איז בלויז אויסגע־פּוצט מיט אויסגעקוועטשטע שיינע ווערטער..."

ער האָט גערעדט און צוגעפּיפּן, געבלישטשעט מיטן גלאַנציקן קאָפּ, מיט די גלאַנציקע אויגן, געשאָסן פון זיך מיט יונגקייט און פּולבלוטיקייט און געוואָלט מיך זייער איבערצייגן, פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט מיט אַ פאָרשטייער פון אַ קאָ־לעקטיוו.

ער האָט מיך נישט איבערצייגט, אָבער מיר איז געווען אָנגענעם אים צו הערן.

אין אים האָט גערעדט דער אַלטער קערנדיקער דור, וואָס פּוילט זיך צו שטאַרבן און וויל אויך בשום אופן נישט אָפּטרעטן אויף אַ שפּאַן פאַר די יונגע.

„ווייסט איר, ווער עס שרייבט גוט ביי היינטיקן טאָג? רייזען שרייבט גוט, געבענטשט זאָל ער זיין! אָט אַזוי דאַרף מען שרייבן. אברהם רייזען האָט נאָך קיין איין פּוסטע זאַך נישט אָפּגעדרוקט. נעמט זיינע נאָוועלן, זיינע דערציילונגען.

אין יעדער פון זיי איז דאָ אַן אינהאַלט, אַ געדאַנק, אַ טיפער רעיון. און דער רעיון וואַקסט פלוצלונג אויס פון אַ זייט... ביי אים גייט אויך טיילמאָל אַ בחור צו אַ מיידל, אָבער אין דעם איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרכאַפּט אייך ביי דער נשמה... עס איז פאַראַן אַ ווי, אַ פּיין... איר קענט וויינען אָדער לאַכן פון רייזענס אַ נאָוועלע, אָבער איר עסט נישט קיין היי, ווי ביי די יונגע. אָן אַן אינהאַלט טאָר מען זיך נישט צורירן צו דער פּען."

## II

קינסטלער ווערן געבוירן מיט אַ קלאַנג אין די בלוטן, און דער קלאַנג באַגלייט זיי דאָס גאַנצע לעבן.

ביי איינעם איז דער קלאַנג אַ ווייכער, אַ צאַרטער, ביי דעם אַנדערן אַ שווערער, אַ באַסיקער, אַ האַרטער, ביי דעם דריטן—אַ שטורמישער, אַן אומרואיקער, אַ וועקנדיקער.

ספּעקטאָר איז געבוירן געוואָרן אָן אַ קלאַנג. דערפאַר אָבער האָט אים גאָט געגעבן אַ געוואַלדיקע, אַן אומנאַטירלעכע לוסט צום לעבן. און אָט די אייגנשאַפט איז געוואָרן זיין טאַלענט, זיין אינערלעכער קלאַנג.

ספּעקטאָר איז געוואָרן אַ שרייבער בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט ערגעץ אַנדערש נישט געקענט אויסשרייען פון זיך זיין לעבנסלוסט, ווי נאָר אויפן פּאַפּיר.

ער האָט נישט געשריבן, נאָר געשריען. אויפן פּאַפּיר זענען געפּאַלן קולות פון זיין ברוסט.

זיינע אויגן זענען זיך אים פון געזונטן נייגיר צעפלויגן

אין אַלע זייטן, און די לעבנסלוסט, די ערדישע לעבנסלוסט האָט אים אַרומגעפּירט ביי דער האַנט.

אַלץ אויף דער ערד האָט אים געשמייכלט. און ער האָט מיט זיין גאַנצן, שטאַרק פּולסירנדיקן בלוט ליב געהאַט נאָר דאָס, וואָס האָט אַ שייכות צו דער ערד, צו דער קיך, צום טיש, צום בעט, צו דער שטוב, צו דעם וואַרעמען איינגעפּאַ־רעטן ריח פון אַ גרויסער רוישיקער משפּחה.

אויף איין ליניע זענען ביי אים געלעגן מענטש און ערד און קיך און מיטאָג און בוך און אידעע און רעליגיע. ער האָט אַריינגעשטאָכן די גרויסע נייגעריקע אויגן אין דעם אַלעם און האָט אָנגעקוואָלן פון דער רחבותדיקער ערדישקייט, פון דער אומענדלעכער קיכ׳ישקייט און האָט זיך שטאַרק צעשריען שרייבנדיק.

זעלטן ווען ער האָט זיך אומגעקוקט צום הימל. ער האָט אים נישט באַדאַרפט און האָט פאַר אים קיין פאַרבן נישט געהאַט. און ווען ער האָט יאָ אַמאָל אויפגעהייבן די אויגן צו אים, האָט ער אים געזען אַ נידעריקן, אַ נאָענטן, אַ פּשוטן, אַן ערדישן—מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן.

III

ספּעקטאָרס שאַפונגען זענען האַלב־ווילדע געשרייען פון אַן אַנטציקטן פולבלוטיקן און הייסבלוטיקן מענטשן. ער האָט געשריען וועגן דעם תענוג פון אַ זאַטן צעפרידענעם פאַמיליעלעבן, וועגן דער מחיהדיקער רחבות פון אַ רייך גע־דעקטן טיש, וועגן דעם רייץ פון אַ שיינער כלה אונטער דער חופּה, וועגן דעם גרויסן נחת־רוח פון אַ יידישן יום־טוב מיט

כלעדליי פלייש און פיש, וועגן דער געוואַלדיקן פאַרגעניגן פון האָדעווען און „כאָוועןײ (ספעקטאָרס אַ ווערטל) פריילעכע זאַטע שטיפערישע קינדער.

ער האָט געשריען וועגן עופות, געגנז און קאַטשקעס און הינער און וועגן הינט און פערד און קי, וואָס זיי אַלע לעבן אויף גאָטס פריילעך וועלטל צום גרויסן נוצן פון דעם מענטשנס מאָגן און דעם מענטשנס הנאה.

אַמאָל אָבער האָט ער זיך צעשריען מיט גרויל און וואוט. דאָס איז שוין געשען צוליב אַ פּאָגראָם, צוליב אַ רציחה, אָדער צוליב סתם אַן אומגליק. אויף וויפל ער האָט ליב גע-האַט דאָס לעבן, אויף אַזויפיל האָט ער פיינט געהאַט דאָס אַלץ, וואָס האָט געשטערט דאָס לעבן. אין אים האָט זיך אָנ-געצונדן דאָס בלוט און פון זיינע וואוט-שרייענדיקע שורות האָבן זיך געוואָרפן פויסטן צום לעזער. דער פּאָגראָם אַליין, די גרויסע רציחות זענען אפשר נישט אַזוי שרעקלעך, ווי דאָס, וואָס מען האָט גענומען דאָס לעבן, דאָס גלאַטע, שיינע, מחיהדיק-שטראָמענדיקע לעבן און מען האָט עס צעקלאַפט און צעפּאַטשט און צעשמעטערט.

מיט דעמזעלבן וואוט האָט ער זיך אויך באַצויגן צום טויט. דער טויט איז אָבער געווען איבער זיינע כוחות, איבער זיינע געשרייען. מיטן טויט האָט ער גאָרנישט געקענט מאַכן. ער האָט נישט געקענט אָנשרייען אויף אים, און האָט אים דעריבער אויסגעמיטן. ער האָט געמאכט אַן אָנשטעל, ווי ער זעט אים נישט.

ער, ספעקטאָר, וואָס האָט אומעטום מיט גרויס נייגיר אַריינגעשטעקט זיינע אויגן, איז פאַרבייגעגאַנגען דעם טויט, מיט אַ מינע פון אַ בלינדן. ער האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק.

אין זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען זענען וואו נישט וואו פאַראַן געשטאָרבענע, אָבער כמעט אָן שום שילדערונגען. ער, וואָס האָט אַזויפיל און אַזוי באריכות געשריבן וועגן עסן,

טרינקען, שלאָפן, חתונה האָבן, דערציען קינדער, פירן געשעפטן, אַרבעטן, פראַצעווען, פילדערן, טומלען און שרייען, האָט אונז נישט איבערגעלאָזט קיין איין אויספירלעכע שילדערונג פון טויט!

אין זיין חיהשן געפיל צום לעבן האָט ער נישט געוואָלט און נישט געקענט סובל זיין דעם טויט. ער האָט אים אויך נישט געקענט פאַרשרייען

# IV

אין געשרייען קען אָבער נישט זיין קיין האַרמאָניע. האַרמאָניע און פאָרם טויטן אָפּ אַ געשריי. ספעקטאָרן איז אָרגאַניש פרעמד געווען דער פיין געטאָקטער זאַץ, דער אויסגעשלייפטער געדאַנק, דער שיינער געהנדלדיקער אויסדרוק, דער גוטער בוי און גלאַנץ פון אַ נאָוועלע. שווערע צענדליקער יאָרן האָט ספעקטאָר געשריבן, און ביזן סאַמע טויט איז ער פאַרבליבן ביי די אַלטע געצייג מיט דעם אַלטן וואַרשטאַט, אויף וועלכן ער האָט אויסגעאַרבעט זיין זאַץ, זיין צעשפּרונגענעם לשון.

אנשטאָט דעם וואויקקלינגענדיקן דעמאָלט, יעמאָלט, דאַמאָלס האָט ער זיך ביזן טויט געהאַלטן ביי דעם שווער־אָנגעפּעקצטן דענסטמאָל, און דעם לייכטן איצט, יעצט, אַצינד, ציינד האָט ער תמיד פאַרביטן מיטן הארטן איצטער.

צענדליקער יאָרן זענען אַוועק — און אויפן וואַרשטאַט האָט זיך קיין זאַך נישט געענדערט, נישט געטוישט. ער האָט אפילו דעם שטויב נישט אַראָפּגעווישט פון אים פאַר דער גאַנצער צייט. ער האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, אַרויפגעלייגט דעם זאַץ, ווי אַ שטיק

אייזן, אויף דער קאָוואַדלע, אַריינגעקלאַפּט אין אים מיטן גרויסן האַמער און עס האָט אים ווייניק אויסגעמאַכט, צי דאָס הייסע שטיק אייזן האָט זיך אויסגעצויגן אין דער לענג, צי אין דער ברייט. ער האָט נאָר געוואוסט, אַז מען דאַרף וואָס מער קלאַפּן.

ער האָט קיינמאָל נישט צוגעלייגט דאָס אויער צו דעם זאַץ, ווי צו אַ זייגער. ער האָט דעם זאַץ נישט אויסגעהערט. פאַר אים איז דאָך געווען געגנוג דאָס אויסשרייען זיך, אויס־לאַדעווען פון זיך אַ ביסל הייס בלוט, געזעטיקטן בייגיר און לעבנסלוסט.

די געוואַלדיקע לעבנסלוסט האָט אים געמאַכט פאַר אַ שרייבער, פאַר אַ בעלעטריסט, פאַר אַ פעליעטאָניסט, פאַר אַ זשורנאַליסט, פאַר אַ רעדאַקטאָר, פאַר אַ פאַרלעגער און פאַר אַ הייסן חבר פון שרייבער. זי האָט אים געלאָזט שווימען ברייט און פריי איבער די טאַנצנדיקע כוואַליעס פון געדרוקטן וואָרט און ער איז אַזוי, מיט איין אָטעם, אָפּגעשוואומען דאָס גאַנצע לעבן.

מען דאַרף ביי ספּעקטאָרן נישט זוכן קיין האַרמאָניע און פאָרם. מען דאַרף נישט צולייגן דאָס אויער צו זיין זאַץ. מען דאַרף ספּעקטאָרן נעמען אינגאַנצן אָט אַ זוי ווי ער איז, מיט אַלע זיינע אינווייניקסטע געשרייען, מיט זיין פעטער ערדישקייט, און דעמאָלט וועט מען אים זיכער ליב באַקומען, ווי מען האָט ליב אַ טייך, אַ ברייט שטיק פעלד, אַ נאַקעטן רוקן פון אַ הויכן באַרג.

שיין איז אַ הויכער טאָפּאָלבוים, פאַרגאָסן מיט לבנה־ליכט, שיין איז אַן אַלטער שטאָלצער וואַלד אין שטורעם, אָבער שיין איז אויך אַ נאַקעטער באַרגרוקן, פאַרגאָסן מיט הייסער גליענ־דיקער זון, מיט גאָלדענעם טאָג.

## V

נאָך יענעם שמועס ביי ספעקטאָרן אין שטוב האָבן מיר זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום ווידעראַמאָל געטראָפן. עס האָט זיך נאָך אַלץ געהאַנדלט וועגן זיין בוך, וואָס ער האָט געוואָלט לאָזן זעצן.

אַז דער געשעפטלעכער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט, האָט ער פריילעך אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

„איך האָב מיט אייך דענסטמאָל אַ ביסעלע צו האַרב גערעדט... ס'איז אָבער נישט שרעקלעך. איר פאַרשטייט דאָך מסתמא, אַז מען קען אַמאָל רעדן מיט אַ צו שאַרפן טאָן וועגן פאַרשידענע זאַכן, אָבער מען דאַרף עס נישט נעמען אַזוי ערנסט... נישקשה, איך האָב ליב די יונגע שרייבער, די יונגע ליטעראַטור... אַז די יונגע שרייבער וועלן מיט גאָטס הילף עלטער ווערן, וועלן זיי אַליין איינזען, אַז מען דאַרף זיך נעמען אויף אַן אַנדער דרך, אַז מען דאַרף נישט מאַכן קיין ליטעראַרישע קאָזשלקעס... מען דאַרף שרייבן געזונטע זאַכן און פשוט, ווי די מאַמע רעדט."

„און ווי איז, אַז מען מאַכט ליטעראַרישע קאָזשלקעס מיט טאַלענט, מיט אמתן טאַלענט?"

„איז אַ רחמנות אויפן שרייבער און אַ רחמנות אויפן לעזער."

„אָבער דער לעזער איז דאָך היינט אַן אַנדערער. ער האָט אַנדערע באַגריפן, אַן אַנדער געשמאַק."

„ניין, דאָס איז אַ גוזמא", האָט ער מיט האַרץ געזאָגט. „אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות וועט מען ליב האָבן דאָס איינפאַכע, דאָס פשוטע, און דער עיקר דאָס, וואָס האָט אַ געדאַנק, אַ רעיון. בלויז געצייילטע מענטשן טרעטן אָפּ פון כלל, זענען זיי דאָך טאַקע נישט מער ווי געציילטע מענטשן.

אָט די מענטשן זענען צעפּיעשטשעטע, צעבאַלעוועטע מענטשן און האָבן ליבער די זיסע פּריקרע טשאַסטקעלעך, ווי געזונט שוואַרץ ברויט..."

אַזוי האָט ספּעקטאָר גערעדט. ער איז געשטאַנען פעסט אויף דער ערד און פעסט אין דער ליטעראַטור, אָבער אין דערדאָזיקער פעסטקייט האָט שוין עפּעס געפּלאַצט. ספּעקטאָר האָט עס געפילט און עס האָט אים, מסתמא, וויי געטאָן.

אָבער צופּאַסן זיך צו דער צייט, נעמען אַ נייעם טאָן האָט ער נישט געקענט. ער האָט געהאַט אַ שוואַכן געהער פאַר אַ טאָן. חוצדעם, איז ער נישט געווען געשיקט. אויף זיין אַלטן וואָרשטאַט האָט מען אויך נישט געקענט אַרבעטן מיט נייע מכשירים.

די מוטער פון זיין טאַלענט איז געווען די ל ע ב נ ס ל ו ס ט. זי האָט אים געטריבן צו שרייבן, דאָס הייסט זיך אויסלאַדע-ווען פון הייסע איינדרוקן, פון צאַפּלדיקע בילדער, פון רעיונות, און דאָס האָט ער דאָס גאַנצע לעבן געטאָן כמעט אָן הפסקות, מיט איין אָטעם.

ער האָט אַ סך געזען (אַלעמאָל מער ג ע ז ע ן, ווי ג ע-ה ע ר ט) און איז אַלעמאָל געווען גרייט זיך אויסצולאַדעוועו, זיך א ו י ס צ ו ש ר יי ע ן.

צווישן אים און דער נייער צייט האָט זיך אויסגעשיילט אַ טיפער תהום, און ער האָט אים נישט געקענט איבערשפּרינ-גען. ער איז געבליבן שטיין ביים ראַנד מיט אַ גרויסער לי-טעראַרישער משא אויף די פּלייצעס, אָבער דידאָזיקע משא וועט קיינמאָל נישט גיין פאַרלאָרן. זי קען נישט גיין פאַרלאָרן, ווייל זי איז צו ג ר ו י ס.

ספּעקטאָרן וועט מען נאָך אַ סך לייענען און שטודירן, נישט געקוקט אויפן טיפן תהום.

# די געמיטלעכע פּעדער.

יואל מאַסטבוים.

אַ גאָלער רונדיקער קאָפּ, באַגאָסן מיט אַ גליטשיקער גלאַנציקייט, ווי פּאָרצעלאַן. גרויסע טיפע אויגן, וואָס קוקן מיט אַן עקשנות פון אַ דאָרפסמענטש; אַ צונג אַ ביסל אַ שווער-לעכע, וואָס האָט לאַנגזאַם געקייט דאָס אָדעסער טאָטע-מאָמע-לשון. דאָס איז געווען מרדכי ספּעקטאָר. דאָס איז געווען זיין רעדן און אַזוי האָט אויסגעזען זיין שרייבן. ווייל ספּעק-טאָר דער מענטש איז געווען דער ריכטיקער אויסדרוק פון ספּעקטאָר דעם שרייבער.

אַ מענטש אייביק פול מיט אַפּעטיט, מיט קיין עין-הרע, אַ גרויסן אַפּעטיט. שטענדיק פאַרסאַפּעט, פאַרשוויצט און פאַר-נומען.

ער האָט שטענדיק גוט געדענקט אין דעם טיש זיינעם.

לאַכט אָבער נישט דערפון. עס זענען דאָ דיכטער, וואָס זייער קינסטלערישער אַפּעטיט איז אָנגעשטעלט אויף אַ בלויען הימל, אויף אַ צאַרט פרויענגעזיכט, אויף אַ איינזאַמער לאַנד-שאַפט.

ספּעקטאָרס אויגן זענען קאָנצענטרירט געווען אויף דעם באַלעבאַטיש-יידישן טיש, אויף פאַמיליע-ימים-טובים און שבתים.

אין דעם פּרט פון יידישער טיש־געמיטלעכקייט און טיש־שילדערונג האָט ער נישט זיינס גלייכן אין דער יידישער ליטעראַטור.

דוד פרישמאַן האָט מיר אַמאָל געשילדערט אַ נאַכט, ווען ער איז געזעסן מיט ספּעקטאָרן, און ספּעקטאָר האָט אים דערציילט פון כלערליי פּאַסירונגען אין לעבן.

איז אָבער געווען מערקווירדיק, וואָס יעדע פּאַסירונג מיט ספּעקטאָרן האָט געמוזט כולל זיין אין זיך עפּעס פון עסן, נישט, חלילה, פון שרעקלעכן עסן, נאָר פון „גוט און אַ ביסל" (אַזוי האָט ספּעקטאָר גערעדט).

פּלוצלונג אָבער הייבט ער אָן אַ מעשה, אין וועלכער עס ווערט גאָרנישט דערמאָנט קיין עסן. זיצט ער, פרישמאַן, און וואַרט און עס קלאַפּט דאָס האַרץ אין אים.

עפּעס אַ קלייניקייט, ספּעקטאָר רעדט און דערציילט גאָרנישט פון די פּעטע „גענזענע לעבערלעך" און נישט פון די „מאַמעליגע" און נישט פון די „רייז מיט ראָזשינקעס", וואָס צעשמעלצן זיך אויף דער צונג.

„אָבער פּלוצלונג ביי די לעצטע, לעצטע ווערטער", זאָגט פרישמאַן, „הער איך ספּעקטאָרס געלעכטערל":

„טייערער פרישמאַן, האָב איך דעמאָלט געטרונקען! אָבער געטרונקען!"

„אַבי כאָטש געטרונקען", האָט פרישמאַן איראָניש אויפגעהייבן דאָס קליינע ווייבערשע הענטל, און גענומען דערמיט גלעטן די ברוסט זיינע, ווי עס וואָלט אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן.

עס איז אַן אַנעקדאָט, אָבער עפּעס כאַראַקטעריסטישעס דערפון איז געלעגן אין ספּעקטאָרס גאַנצן שרייבן, מאָלן באַלעבאָסטעס מיט קוישלעך אין די הענט, מאלען באַלעבאַטישע התונה־טישן, קינדער, וואָס וואַרטן אויף זייערע יום־טובדיקע מאָלצייטן, און בכלל דאָס אינטימע פאַמיליענלעבן ביים טיש — דעם באַלעבאַטישן טיש.

כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ פאַרנאַכט אין ספּעקטאָרס הויז.

זיין ווייב איז נישט געווען אינדערהיים און ער האָט זיך געפּאָרעט אַרום טיש, אַ פאַרשוויצטער, גייענדיק מיט קליינע, דראָבנע טריטלעך פון טיש צום שענקל און פון שענקל צום טיש, און פון טיש ווידער צו דער קיך. און אָט האָט ער גענומען שטעלן אויפן טיש טיי, איינגעמאַכטס, וואַרעניע און געשוויצט און הנאה געהאַט און געריבן דעם שטערן אויף גיך.

פּלוצלונג אָבער האָט זיך די טיר געעפנט, און מען האָט געזען פונדערווייטנס, אין אַ שכנהשער שטוב, ווי עס זיצט אַ הון אויף אַ קוישל. באַלד איז די הון אַראָפּ פון קוישל, און די באַלעבאָסטע האָט אַפּערגענומען פון דעם אַ וואַרעם איי, צעקלאַפּט עס און מיטן ווייסל גענומען באַשמירן אַ חלה.

די הון האָט זיך גענומען אומקוקן אויף די הענט פון דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט צעקלאַפּט דאָס איי, ווי באַליידיקט.

ספּעקטאָר האָט די גאַנצע צייט געקוקט מיט זיינע איינגעשפּאַרטע אויגן אויף דער הון און באַמערקט:

„מיין פריינט, צי פאַרדריסט נישט דער הון אויף דער אכזריותדיקער באַלעבאָסטע, וואָס האָט איר איי באַנוצט צו אַ פּראָסטער מענטשלעכער חלה?"

אָט דאָס אייגנטלעך איז געווען ספּעקטאָרס אייגנשאַפט: זיין אויג, וואָס האָט גוט געזען קליינע געשעענישן, קליינע איבערלעבונגען — אָבער אייגנאַרטיקע.

דער „שטרייק פון קבצנים" און אַנדערע זענען זאַכן פון דעם מין.

נישט טיף און נישט עשירותדיק איז זיין פּענזל, אָבער רייך אין קליינע עפּיזאָדן. די עפּיזאָדן, וואָס זענען אַמאָל אַזוי ווייניק וויכטיק, ווי אַן איי, און דערביי גרויס אין זייער באַדייטונג, ווי די אַלע אָפט נישט באַמערקטע עפּיזאָדן, וואָס פּיליאָן דעם תנ"ך פון אונזער לעבן.

ספעקטאָר האָט געשריבן ראָמאַנען. עס פעלט דאָרט די מאָדערנע ראָמאַן־קאָנסטרוקציע. נישטאָ קיין טיפע פּראָבלעמען, נישטאָ די סובטעליטעט פון דער מאָדערנער ליריק.

אָבער עס וועבט זיך דאָרט אַ פאָדעם פון ספעקטאָרס װאַרעמען בליק אויפן יידישן לעבן, דער ספעציפיש־ספעקטאָרי־שער טאָן, וואָס קיינער וועט אים נישט נאָכמאַכן, ווי קליין אָדער גרויס ער זאָל נישט זיין.

* * *

מרדכי ספעקטאָר שטייט אין אַ באַזונדער ריניע אין דער יידישער ליטעראַטור.

ער איז ביי דעם וועג פון מענדעלען און שלום־עליכמען, אָבער שטאַרק אָפּגערוקט פון זיי, און זיינע העלדן זענען, ווי ספעקטאָר אַליין, געמיטלעכע מענטשן, האָבן ליב זייער הויז און זייער ערד און די פרוכט פון דער ערד.

אים, דעם ערשטן, איז געלונגען צו געבן דאָס פלייש און בלוט פון דעם יידישן „מוזשיק", דעם פויער, און דעם ריח פון דער ערד.

ספעקטאָר איז געווען דער געמיטלעכער שילדערער, דער שרייבער, וואָס האָט פאַרכאַפּט זיינע לעזער. און ער איז אויך געווען איינער פון די, וואָס האָבן זיך לייכט געקאָנט באַשאַפן אַ גרויסע צאָל לעזער.

דער „הויז־פריינד" און אַנדערע אויסגאַבן זענען געוואָרן די צייטשריפטן, וואָס האָבן צוגעגרייט אַ דור לעזער פאַר דער שפּעטערדיקער גענעראַציע שרייבער.

א גרויסע ווירקונג האָט געהאַט אויף אים דוד פרישמאַן יענער אָפּלאַכער פון אַ דור בטלנים און ליצנים, און ספּעקטאָר האָט זיך געוואָרעמט לעבן פרישמאַנען, ווי לעבן אַ לערער, פון וועלכן ער האָט „אַ סך גענאַשט", ווי ער פלעגט עס אַליין, אויף זיין שטייגער, זאָגן.

ביים רייכן יידישן טיש פון אונזער ליטעראַטור, וואָס ספּעקטאָר האָט אַזוי ליב געהאַט, האָט זיך אָפּגעליידיקט דאָס אָרט פון איינעם פון די געמיטלעכסטע, האַרציקסטע און חברישסטע טיש-גענאָסן.

# דער האַרציקסטער שרייבער.

## דער לעבעדיקער.

זאָגן אונזערע הספּדים־מאַכער:

פיר זענען זיי געווען — מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם און ספּעקטאָר. פיר טאַטעס פון דער יידישער ליטעראַטור.

איז עס ריכטיק און נישט ריכטיק...

אַז מען וויל, איז דאָ מער פון פיר: מען קען געפינען נאָך טאַטעס.

ס'ווענדט זיך פון ווען מען ציילט און ווי מען ציילט...

נאָר מיר, יידן, האָבן אַ שוואַכקייט צו פיר: פיר אבות, פיר אמהות און ארבעה בנים...

אָבער זאָל זיין פיר און מרדכי ספּעקטאָר איז דער פערטער.

איצט בלייבט נאָר, וואָס צו טאָן מיטן פערטן טאַטן אונזערן, וואו אים צוצורעכענען. ווייל אין אמתן איז עס זייער שווער. ווייל אַלע כיבודים האָט מען שוין אַוועקגעגעבן די ערשטע דריי.

און וואָס בלייבט פאַר ספּעקטאָרן?

פאַר מיר איז ספּעקטאָר, ווי ווייט איך כאַפּ אים אויף, דער בעל־גוף אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער יוסטער יידישער באַלעבאָס, דער „שלמה נגיד" אין אונזער אָרעמקייט.

פון מענדעלען פּילט זיך טשינאָווניק, משכיל און אָפּשפּעטער.

פון פּרצן אַריסטאָקראַט, פרעמדער, מאָדערנער און אַרונטערקוקער.

און אויך אין שלום-עליכמען איז דאָ אַ היפּש ביסל פרעמדקייט צו אונז. נישט צופיל ליבע צו אונז. שלום-עליכם האָט אונז באַטראַכט אַלס „שטאָף" פאַר חוזק און וויץ.

ספּעקטאָר איז געווען מער אונזערער, ווי אַלע דריי: ער האָט אונז כסדר ליב געהאַט, בלויז ליב...

ספּעקטאָר, ווי אַ גוטער יידישער באַלעבאָס, האָט זיך שטענדיק געפילט, ווי אַן אייגענער צווישן אייגענע. און לייענט איר זיינע דערציילונגען און שטימונגען, זעט איר, ווי דער מענטש איז צוזאַמענגעוואַקסן מיטן פאָלק, פלייש פון זיין פלייש און ביין פון זיין ביין, און דערפאַר אַזוי געזונט און רואיק.

די הויפּט-סימנים פון ספּעקטאָרס שרייבן זענען פאָלקס-טימלעכקייט, בטחון און גוטסקייט.

ספּעקטאָר איז גוט צו זיינע העלדן, זוכט זיי גוטס צו טאָן, ווייל ביי אים זענען זיי נישט קיין העלדן, אויף וועלכע ער דאַרף מאַכן סטיליסטישע עקספּערימענטן,—נאָר יידן, אייגענע, וועלכע ער האָט אַזוי ליב...

ספּעקטאָר ענדיקט דעם גרעסטן טייל פון זיינע מעשיות מיט אַ גוטן סוף, נישט ווייל ער וויל כאַפּן דעם לעזער, מעשה שונד-שרייבער, — נאָר ווייל ער קען נישט אַנדערש, ער זעט נישט אַנדערש... און דערמיט איז ער זייער נאָענט צו אונזער יעקב דינעזאָן און צו דעם רוסישן קאָראָלענקאָ.

ספּעקטאָר האָט די ברייטקייט פון אַ בעל-גוף און די גוטסקייט פון אַ געזונטן יידן.

ספּעקטאָר וויל נישט טאָן קיין רשעות זיינע העלדן אַפילו

נישט צוליב פּסיכאָלאָגיע, ווייל ווי קען מען טאָן רשעות די אייגענע?

אפילו נגידים קומען ביי ספּעקטאָרן אַרויס נישט שלעכט און פאַרדאָרבן.

בלויז פאַרהאָוועט, פאַרטאָן אין געשעפט, נישטאָ קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַן אייגענעם אָרעמאַן — אָבער נישט שלעכט און פאַרדאָרבן...

ספּעקטאָר מערקט גוט דעם אונטערשיד פון קלאַסן ביי יידן, זעט דעם „קלאַסנקאַמף", אָבער ער ליאַרעמט נישט, שעלט נישט, מוסרט נישט אַפילו, נאָר האָט בלויז אַ קאַפּיטשקע תּרעומות אויף די גבירים. און נישט מער... און דאָס איז עכט יידיש... ביזטו אַ גביר, טאָ גיב!

ספּעקטאָרס מעשיות זענען כמעט אַלע גוטע מעשיות, אין תּוך כסדר יום-טוב-דערציילונגען, ווייל ספּעקטאָר האָט זיך אַליין געפילט תּמיד יום-טובדיק...

ביי ספּעקטאָרן זענען כמעט קיין טיפע טראַגעדיעס נישטאָ, און אויב זיי זענען דאָ, היילט ער זיי מיט בטחון, רחמים און גוטסקייט.

ער טרייסט זיינע העלדן. ער האָט באמת אויף זיי רחמנות...

ספּעקטאָרס דערציילונגען זענען אָפט גאָר קיין ליטעראַטור נישט, ווייל צוליב ליטעראַטור קען אַ שרייבער אָפט שלעכטס טאָן זיינעם אַ העלד, אָבער ספּעקטאָר קאָן עס נישט... אַ ליטעראַטור קען באַהאַנדלען העלדן, ווי פרעמדע, אָבער ביי ספּעקטאָרן איז יעדע יידישע פרוי, מאַן און קינד פון זיינע דערציילונגען אייגענע מענטשן... ער קאָן דאָך זיי אַזוי גוט!

ספּעקטאָר איז דער האַרציקסטער שרייבער ביי אונז נאָך דינעזאָנען.

און דער געזונטסטער פון אַלע אונזערע קלאַסיקער אַוודאי...

ספּעקטאָר איז אַ גרויסער בעל־בטחון, ווי יעדער אמתער ייד.

און דערפאַר שרייבט ער זייער קלאָר, אָפן, ליכטיק און אין גאַנצע ליניעס. דערפאַר איז זיין שפּראַך אַזוי פּשוט, אָן קונצן.

פּשוט—איז ספּעקטאָרס סטיל.

פּשוט זיינע מאָטיוון.

און פּשוט מענטשלעך־יידיש זיין באַציונג צו זיינע העלדן.

לייענענדיק ספּעקטאָרן, קען מען זיך אָפּרוען, ווייל ספּעק־טאָר איז די רואיקייט אַליין.

און עס איז נישט יענע געלייטערטע רואיקייט, וועלכע קומט פון רעזיגנאַציע, — עס איז די געזונטע רואיקייט פון אַ לעבעדיקן, יונגן, גלויביקן מענטשן...

ספּעקטאָרן וואָלט מען געדאַרפט לייענען ביי אונז פאַר קינדער און ביי פאַמיליע־שמחות.

ער איז אייגנטלעך דער יום־טובדיקסטער שריפטשטעלער ביי אונז. ער האָט געהאַט אַ יום־טובדיק, ליכטיק אויג און געזען און געשריבן. ספּעקטאָר האָט אויך הומאָר, נאָר ס׳איז נישט דער פּראָפעסיאָנעלער הומאָריסטישער הומאָר.

ספּעקטאָרס הומאָר שלענגלט זיך, ווי אַ פאַס גאָלד פון דער זון אויף אַ היימיש ווייס געקאַלכט שטיבל.

עס איז אַזוי היימיש מיט ספּעקטאָרן...

נאָך זיין הומאָר קומט זיין בטחון און רואיקייט...

ווען איר לייענט מענדעלען, פילט איר פאַר זיך אַ בייזן, שטרענגן זיידן, און עס ווערט אייך אומהיימלעך...

ווען איר לייענט פּרצן, פילט איר זיך, ווי מיט אַ פּריץ... אַ ביסעלע פרעמד און דערווייטערט...

און ווען איר קוויקט זיך מיט שלום־עליכמען, זענט איר

דאָך נישט זיכער. איר זעט בחוש, ווי ער ווילֿ אייך עפּעס אָפּטאָן אַ שפּיצל.

מיט ספּעקטאָרן פּילט איר זיך היימיש, ווי מיט אַ גוטן אָנקל. ניין, נישט קיין אָנקל, נאָר טאַקע אַ היימישן פּעטער, ביי וועלכן מען קען אַפילו כאַפּן אַ „רייט" אויף די פּלייצעס און ער זאָל זיך מיטפרייען...

# ספעקטאָר אין אַמעריקע.

(אַ בלעטל זכרונות)

אין סעפטעמבער 1924 בין איך געשעפטלעך געקומען קיין ניו-יאָרק. מיין „אפיס״, אויפן אַמעריקאַנישן לשון, האָב איך מיר איינגעאָרדנט אויף קאַנאַל-סטריט, אין רעכטן יידישן צענ-טער, נישט ווייט פון די יידישע רעדאַקציעס.

איינמאָל זאָגט מען מיר אין אפיס, אַז דער אַלטער ספעקטאָר איז שוין דאָ געווען אַ פּאָר מאָל און זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף מיר. ער האָט געבעטן, איך זאָל באַשטימען אַ צייט, ווען ער קען מיך טרעפן אין אפיס. ער וויל זיך זען מיט מיר.

איך האָב ספעקטאָרן נישט געזען פון יאָר 1914, ווען עס האָט זיך צעפלאַקערט דער וועלטקריג. ער איז דעמאָלט אַוועק פון וואַרשע, אויסמיידנדיק די דייטשע אָקופּאַציע.

איך בין פאַרבליבן אין דעם אָקופּירטן געביט, און ער איז מגולגל געוואָרן אין אָדעס.

דעם ערשטן גרוס האָב איך באַקומען פון ספעקטאָרן אין יאָר 1921. מיין שותּף קאַפּלאַן, וואָס האָט פאַרבראַכט כמעט די גאַנצע מלחמה-יאָרן צוזאַמען מיט ספעקטאָרן אין אָדעס, האָט מיר דערציילט מאַנכע פּרטים פון ספעקטאָרס לעבן. דער ליבער

אַלטיטשקער האָט דאָרט דורכגעמאַכט אַ פּאָר שווערע אָפּע-ראַציעס, איז געלעגן מיט פּחד אונטערן מעסער און געהאַלטן, אַז ער הויכט שוין אויס זיין נשמה.

אַ מענטש מיט אַ געזונטן אָרגאַניזם, איז ער די אָפּע-ראַציעס אַדורכגעגאַנגען בשלום, און אין יאָר 1921 האָט ער פֿאַרלאָזט סאָוויעט-רוסלאַנד, מיט גרויס מסירת נפש געשוואַרצט די גרענעץ (דעמדאָזיקן מאָמענט האָט ער געגנוי באַשריבן אין זיין ראָמאַן „סודות") און איז אַוועק קיין אַמעריקע.

פון אַמעריקע האָבן מיר באַקומען פון ספּעקטאָרן זייער האָפֿערדיקע בריוו. ער האָט געשריבן, אַז ער פילט זיך גוט און יונג און מונטער, אַז ער וועט ערשט אָנהייבן רעכט צו שרייבן און וועט ווייזן דער וועלט, וואָס ספּעקטאָר קען.



אונזער באַגעגעניש איז געווען מער ווי אַ האַרציקע. מיר האָבן זיך לאַנג געקושט, געדריקט זיך כמעט ביז ווייטיק די הענט און עס האָבן זיך באַלד אָנגעהייבן מעשיות אויף מעשיות, מיט חידושים, מיט התפּעלות, מיט אויסגעשרייען, מיט האַרציקן געלעכטער.

ספּעקטאָר איז געווען זייער אויפגעלעבט. די שיינע גרויסע אויגן זיינע האָבן אים געבלישטשעט, ווי ביי אַ יינגל.

אָנגעפּאַקט מיך מיט אַ שיין ביסל מעשיות וועגן זיין לעבן אין רוסלאַנד, האָט ער זיך גענומען נאָכפרעגן אויף וואַרשע, אויף באַקאַנטע און פריינט, אויף יידישע שרייבער, רעדאַקציעס, פֿאַרלאַגן...

ער האָט געפֿרעגט און נאָכגעפֿרעגט און איבערגעפֿרעגט, און זיך ווײַלעווײַז אָן אויפֿהער אומגעקערט צו דיזעלבע פֿראַגן, און איך האָב געפֿילט, ווי עס ברענט אין אים די בענקשאַפֿט און דער אינטערעס צו דער אַלטער היים, צו וואַרשע, צו אַן איבערגעלעבט שטיק לעבן...

זײַנע פֿראַגן האָבן אָבער מיט אײנמאָל נישט געקאָנט פֿאַרענטפֿערט ווערן. מען האָט נאָך באַדאַרפֿט אַ סך רעדן, און דעריבער האָבן מיר אָפּגעשמועסט, אַז מיר זאָלן זיך עפּטער טרעפֿן און אַזוי־אַרום וועט ער קענען „אַרויספֿרעסן" פֿון מיר אַ געהעריקע תּשובֿה אויף אַלע זײַנע פֿראַגן.

„איר פֿאַרשטייט, ר' שלמה", האָט ער מיר צוגעהאַלטן בײַ די הענט און אַרײַנגעקוקט מיר טיף אין די אויגן, „אין אײַך זע איך דאָך מײַן אַלטע היים, מײַנע אַלע פֿרײַנט... איך טאָר אײַך גאָרנישט אָפּלאָזן..."

און אָט אַזוי ווי עס איז אָפּגעשמועסט געוואָרן — אַזוי איז טאַקע געווען. מיר האָבן זיך געטראָפֿן כּמעט אַלע טאָג. אַמאָל פֿלעגט ער קומען צו מיר אין אָפֿיס און אַמאָל פֿלעגן מיר זיך באַגעגענען אין אַ רעסטאָראַן.

געוואוינט האָט ספּעקטאָר זייער ווײַט און געאַרבעט האָט ער אינדערהיים. אין דער רעדאַקציע פֿלעגט ער קומען נישט אָפֿט, און דעם כּתבֿ־יד פֿון זײַן ראָמאַן, וואָס ער האָט געדרוקט אין „טאָג", פֿלעגט ער על־פּי־רובֿ צושיקן דורך אַ שליח.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ספּעקטאָר האָט שוין פֿאַרבראַכט העכער דרײַ יאָר צײַט אין ניו־יאָרק, האָט ער זיך דאָך געפֿילט נישט זיכער אין דערדאָזיקער ווילד־רוישיקער שטאָט.

ער האָט זיך נישט געקענט אײַנלעבן אין איר. די קאָכיקע, טומלדיקע, פֿײַפֿעדיקע און קלאַפּעדיקע גאַסן האָבן אים עפּעס געשראָקן. די טויזנטער אויטאָמאָבילן, אָמניבוסן, קאַרן, עלעוועטערס, סאָבווייען און אַנדערע מלאכי־חבלה האָבן אים דערמאָנט אין מוראדיקע קאַטאַסטראָפֿעס און שרעקלעכע אומגליקן.

און אַז ער האָט באַדאַרפט אַמאָל פאָרן פון זיין היים אין רעדאַקציע אריין, האָט ער עס געמאַכט דורך משונהדיקע לאַנגע אומוועגן, וואָס האָבן צוגענומען אַ סך צייט. האָט ער זיך אָבער אָפּגעקערט עטוואָס פון זיין אויסטערלישן מאַרשרוט, האָט ער זיך באַלד פאַרבלאָנדזשעט, ווי אַ קינד.

איך בין שוין געווען דריי מאָל אין אַמעריקע און קאָן נישט שלעכט ניו-יאָרק. געוואוינט האָב איך אין דערזעלבער געגנט, וואו ספּעקטאָר (אין די בראָנקס), און עפטער, ווען איך בין געפאָרן מיט אים צוזאַמען אַהיים, האָב איך יעדעס מאָל געמוזט פאָרן דורך זיין אומבאַקוועמען מאַרשרוט.

עס האָט נישט געהאָלפן מיין דערקלערונג, אַז דורך אַן אַנדער וועג איז נאָענטער און באַקוועמער און אַז איך וועל אים ברענגען בשלום אַהיים.

„ניין", האָט ער זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע, „איר מוזט פאָרן מיט מיר און לאָזט מיר האַלטן די לייצעס. אויב איך וועל פאָרן מיט אייך, וועל איך שוין נאָכדעם בלאָנדזשען..."

און דערביי האָט ער גוטמוטיק צוגעגעבן:

„און וואָס ברענט עס ביי אייך, איך בעט אייך? וועט איר קומען מיט עטלעכע מינוט שפּעטער... נישקשה, צוליב מיר מעגט איר פטרן אַן איבעריקע האַלבע שעה..."

אָנגעפּאַטשט מיר גוטמוטיק אין פּלייצע, האָט ער ווייטער געזאָגט:

„און צו וואָס זאָלט איר זיך טאַקע דרייען צווישן די שדים, די אויטאָמאָבילן, פאַרברענט זאָלן זיי ווערן! איר ווילט דווקא קומען אַהיים אָן אַ קאָפּ?.. הערט איר, ר' שלמה, ווען איך זאָל מיך אַ ביסל נישט צוהיטן, וואָלט שוין לאַנג פון מיר קיין זכר נישט געבליבן... מען וואָלט מיך שוין דאָ צעריבן אויף מעל!.."

ער האָט גערעדט גוטמוטיק, מיט אַ שמייכעלע, מיט אַ פּאַטש אין פּלייצע און איך האָב אים אַלעמאָל נאָכגעגעבן.

* * *

עטלעכע מאָל האָט ער מיך געבעטן צו זיך אויף אָוונט-ברויט. איך בין אָבער געווען שטאַרק פאַרנומען און האָב נישט געקענט קומען.

דאָס האָט אים שטאַרק מצער געווען. ער האָט געהאַט צו מיר טענות, מיך געמוסרט, אויסגערעדט, זיך גוטמוטיק געברוגזט.

ער האָט צולעצט געזאָגט:

„איר זענט נישט אין אָרדענונג, ר' שלמה. איר האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין ביי מיר. איר דאַרפט זען מיין הויז, וואו איך וואוין, וואו איך לעב, וואו איך אַרבעט... איך וויל אייך ווייזן, אַז אויך דער אַמעריקאַנער עולם לעזט מיך, קען מיך און האָט נישט פאַרגעסן זיין אַלטן שרייבער פון דער אַלטער היים. אויך מאַטעריעל בין איך נישט שלעכט באַזאָרגט, און אויב איר ווילט, וועל איך אייך זאָגן אַ סוד, אַז עס איז מיר נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי גוט, ווי איצט... ס'הייסט מאַטעריעל... קיין בעסערס דאַרף מען זיך גאָרנישט ווינטשן...”

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. איך האָב אויך געשוויגן, פילנדיק, אַז ער פאַלט אַריין אין אַן אינטימען טאָן און וואַקלט זיך מיט אים.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

„יאָ, קיין בעסערס, ר' שלמה, דאַרף מען זיך גאָרנישט ווינטשן. אָבער וואַרשע... אין וואַרשע האָב איך מיך בעסער געפילט... באַרעכנט נאָר, אין וואַרשע, אַז איך בין אַרויס אין גאַס, האָט כמעט מיר יעדער צווייטער מענטש, וועלכן איך האָב באַגעגנט, געזאָגט גוט-מאָרגן. און יעדן דריטן מענטשן האָב איך געזאָגט גוט-מאָרגן. ווער האָט מיך דען נישט געקענט? דו גייסט אין גאַס און דו פילסט, ווי דו וואָלסט געגאַנגען אין אַ גרויסן, גרויסן חדר, וואָס געהערט צו דיין משפחה...

אַלע זענען אייגענע נאָענטע מענטשן. אָבער דאָ וואָס? אויף איר ווילט, וועל איך אייך אויסזאָגן נאָך אַ סוד, אַז אַפילו אין אָדעס, וואו איך האָב צוביסלעך צוגעהונגערט, האָב איך מיך אויך געפילט בעסער, ווי דאָ... עפּעס אַן אַנדער שטאָט, אַנדערע הייזער און דער עיקר — אַנדערע מענטשן..."

ער האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, זיך עטוואָס איינגעקנוי-דערט און האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ פּנים פון אַן אַלטן מידן אויסגעמוטשעטן מענטשן.

ער האָט ווייטער געזאָגט:

„דאָ, אין אַמעריקע, האָב איך חיונה, שרעבערק, אָבער מיט חיונה אַליין קען מען נישט אויסקומען. אַן עלטערער מענטש, ווי איך, דאַרף האָבן אַ וואַרעמען ווינקל, אַ ליבן קרייז מענטשן... אויף די עלטערע יאָרן איז וואַרעמקייט נייטיקער, ווי עסן, ווי אַ שיינער בגד. אַמעריקע איז אָבער קאַלט, אָנ-געצויגן, האַרט, פרעמד, פאַרשמייעט. יעדער איינער טראַכט נאָר פון זיך... פון מיין הויז ביז דער רעדאַקציע ליגט אפשר אַ שטח, ווי פון וואַרשע ביז אָטוואָצק, און אַז איך פאָר פון דער היים אין דער רעדאַקציע, זע איך, ווי עס שיטן זיך צענדליקער טויזנטער מענטשן, קאַלטע, פרעמדע, אָנגעצויגענע, און יעדער איינער איז פאַרנומען נאָר מיט זיך, טראַכט נאָר פון זיך... איר פאַרשטייט, שרעבערק, ווי אַן אומזעריקער פילט זיך שלעכט, ווען ער פאַלט אַריין אין אַזאַ שטראָם מענטשן?.. גלעבן, שרעבערק, איך וואָלט ביי דער מינוט גע-ווען אַ בעקן צו פאַרטוישן די אַמעריקאַנער גליקן אויף די וואַרשעווער דאגות..."

ער האָט גערעדט אַזוי ערנסט און פיינלעך, אַז ער האָט פאַרביטן דעם גוטמוטיקן „ר' שלמה" אויף דעם שטרענגן „שרעבערק", פונקט ווי איך וואָלט געווען דער חיוב אין די פאַראָנדקעס פון דעם אַמעריקאַנער לעבן.

אַ נעם געטאָן מיך ביי די הענט, האָט ער פּלוצלונג גע-נומען רעדן שטיל, ווי אַ סוד, מיט ברייט שטייענדיקע אויגן:

„און וואָס מיינט איר, זענען די אַמעריקאַנער גליקן, איך בעט אייך? אָט, ווען איך זאָל, אַ שטייגער, מיך אָפּהאַלטן צוליב עפּעס אַ סיבה און נישט אַריינשיקן קיין קאָפּיע אין רעדאַקציע אַ וואָך, צי צוויי, בין איך אויס קאַפּעלויש-מאַכער, איז אַ סוף צו די אַמעריקאַנער גליקן... מען וועט נישט קוקן אויף מיין עלטער און מען וועט נישט נעמען אין אַכט מיינע פאַר-דינסטן..."

דאָס איז, קענטיק, געווען זיין אָנגעווייטיקטע טעמע, דער שווערער ביטערער טראָפּן, וואָס האָט אַריינגעטריפט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אין אַמעריקע.

די ביטערקייט פון דעמדאָזיקן טראָפּן האָב איך אויך דערפילט: ס'איז מיר געווען שווער אונטערצוהאַלטן דעם שמועס מיט אַן אַלטן יידישן שרייבער, וואָס דער באָדן אונטער זיינע פיס האָט זיך געוואַקלט. אָבער אויך דער הימל איבער זיין קאָפּ איז געווען אָנגעוואָלקנט...

איך האָב געטראַכט: ספעקטאָר האָט גלאַנצפול, רומפול אָנגעהייבן און אָט ענדיקט ער, גייט אַראָפּ פון זיין רומפולן לייטער אין אַ נידעריקן טונקעלן איינזאַמען טאָל...

אַנדערע שרייבער זענען אויפגעשטאַנען. אַנדערע שריי-בער, אַנדערע פאַרבן, אַנדערע סטילן און אַנדערע טעמעס...

* *
*

אין אַ פרייער מינוט האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט צו ספעקטאָרן צום אָוונטברויט. ספעקטאָר, דער גאַסטפריינטלעכסטער מענטש אין דער וועלט, האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט מיר. ער האָט מיך גענומען אַרומפירן איבער די צימערן, געוויזן

מיר די באַקוועמלעכקייטן פון די אַמעריקאַנער וואוינונגען, געדערעדט מיט התפעלות פון דער מאָדערנער טעכניק, און דער אַלטער ליבער שרייבער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פריי־געזונט ליכטיק קינד.

עס איז געווען היימלעך, מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט ביים טיש. פון קיך האָט מען אַריינגעטראָגן מפונקשע מאכלים. איך וואָלט אַפילו געזאָגט: מאכלים, וואָס אויף זיי איז געלעגן ספּעקטאָרס חותם.

ספּעקטאָר האָט נישט נאָר געוואוסט, וואָס צו עסן, נאָר אויך ווי אַזוי עס דאַרף צוגעגרייט ווערן דאָס עסן.

אין דער וואַרעמער היימלעכקייט, ביי די מוטיקער מאכלים־אָנפירונג פון ספּעקטאָרן, האָט זיך מיר אַפילו געוואָלט זאָגן:

„ר׳ מרדכי, כלעבן, ס׳איז גאָרנישט אַזוי שלעכט אין אַמעריקע. אָט, ס׳איז שטיל, ס׳איז רואיק, יעדער טאָג איז אַ זיכערער... אַן אַלטער יידישער שרייבער קען דאָ טאַקע קומען צו די כוחות...״

איך האָב עס אָבער נישט געזאָגט, ווייל איך האָב געפילט, אַז אונטער דער געמיטלעכקייט און היימלעכקייט ליגט פאַר־גנבעט און פאַרבאָרגן אַ בענקעניש, אַ פיינלעכע בענקעניש צו דער אַלטער היים און צו די היים־יידן, און איך האָב זי נישט געוואָלט מער אָנרירן.

מיר זענען לאַנג געזעסן ביים טיש.

צולעצט האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

„נו, ווי פילט איר זיך אין געזונט?״

ספּעקטאָר האָט אַ שמייכל געטאָן.

„וואָס איז דאָ צו רעדן, ר׳ שלמה, איך האָב מיך אַ ביסל אָטכייעט, אָפּגערוט, די ביינער אויסגעגלייכט... אָבער טאַקע דערפאַר, ר׳ שלמה, האָב איך אָנגעהייבן צו פילן, אַז עפּעס פעלט מיר... איר פאַרשטייט: אינעווייניק איז עפּעס נישט אין אָרדענונג... איך פרעג אַפילו ביי חברים־דאָקטוירים, באַרואיקן זיי מיך, מאַכן חוזק פון מיר, זאָגן, אַז איך וועל נאָך לעבן,

אָט אַזוי ווי איר קוקט מיך אָן, אַ דרייהונדערט יאָר... אָבער איך ווייס בעסער פון זיי, אַז עס פעלט מיר עפּעס... שוין נישטאָ די אַמאָליקע כּוחות... אַ גיבור בין איך דאָך געווען..."

ער האָט זיך צעלאַכט, געהייסן דערלאַנגען טיי און בעת מעשה אַ זאָג געטאָן:

„נאָך אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ר' שלמה, ווער איך אַן אַמעריקאַנער בירגער, און דעמאָלט נעם איך די פּיס אויף די פּלייצעס און מאַך מיר אַ יאַזדע קיין פּוילן!.. האַ, באַשע, נישט אַזוי? וואָס זאָגסטו?" האָט ער זיך מיטאַמאָל רירעוודיק אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער ווייב.

ער איז אַריינגעפאַלן אין התפּעלות און האָט מיר אָנגעהייבן צו ווייזן, וואָס ער האָט אין די לעצטע דריי יאָר אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע.

„הערט נאָר", האָט ער אויפגעהייבן ביידע הענט איבערן טיש און האָט גענומען ציילן אויף די פינגער, „די סודות", „די קללה פון שיינקייט", „אויף פרעמדע וועגן" און דריי בענדער זכרונות. חוצדעם, האָב איך אויסגעפּראַוועט „דעם יידישן מוזשיק". איצט, ווידער, שרייב איך אַ גרויסן ראָמאַן, וואָס וועט זיכער איבערשטייגן אַלץ, וואָס איך האָב ביזאַהער געשריבן. דאָס איז אַ גרויס, גרויס ווערק, ר' שלמה, וואָס כאַפּט אַרום אַ שטיק לעבן פון עבר און אַ שטיק לעבן פון היינט... ביידע, סיי דער עבר און סיי דער היינט, צונויפגעפלאָכטן איינאיינעם... איר פאַרשטייט, ר' שלמה? איך וויל אַרויסשלעפּן דאָס סאַמע פאַרבאָרגנסטע, דאָס סאַמע פאַרבאַהאַלטנסטע, און ווייזן עס דער וועלט! נישקשה, איך קען נאָך שרייבן!"

עס האָבן אים גענומען ברענען די אויגן מיט יינגלשע פייערלעך. ער האָט זיך אַליין אונטערגעצונדן. אָבער דער אָטעם האָט זיך אים פאַרהאַקט. אַ מאָדנער געמיש פון יונגקייט און אַלטקייט, שוואַכקייט. די יונגקייט האָט אָבער פאַרגאָסן די אַלטקייט.

ער האָט זיגעריש אָפּגעצויגן דעם אָטעם און האָט ווייטער געזאָגט:

„כלעבן, נאָך אַזאַ האַרעוואַניע, נאָך אַזוינע גרויסע ראָמאַנען, וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבן, בין איך ווערט אַ יאַזדע קיין פוילן.״

ער האָט אָבער באַלד צוגעגעבן:

„אין אַמעריקע מוז אַ שרייבער אַרבעטן, ווי אַ פערד. יעדן טאָג מוז מען געבן קאָפּיע. ווען איך זאָל, חלילה וחס, פאַרפעלן אַ טאָג, וועלן זיך טאָן מעשים־תּעתּועים. וואָס הייסט פאַרפעלן? איר טאָרט נישט פאַרפעלן! אַז די מאַשין האַלט דאָך אין רעכטן גיין און איך, מרדכי ספּעקטאָר, בין אינמיטן! איר פאַרשטייט, ר׳ שלמה, וואָס דאָס הייסט?״

מען האָט פונדאָסניי דערלאַנגט טיי און ספּעקטאָר האָט געזאָגט:

„איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין שכר־יום. דאָ בין איך אַ האַנט. אינדערהיים בין איך געווען אַ רעדאַקטאָר, דאָ אַ שרייבער אין אַ גרויסער מאַשין... אינדערהיים בין איך געווען אי אַ רעדאַקטאָר אי אַ פאַרלעגער... די ערשטע זאַמלביכער האָב איך אַרויסגעגעבן און כמעט פון אַלע יידישע צייטונגען בין איך געווען דער גרינדער... אויף מיינע פּלייצעס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט די יידישע פּרעסע און אַ גרויסער טייל פון דער יידישער ליטעראַטור... איך האָב פיינט גדלות און באַרימעריי, אָבער אַמאָל, ביינאַכט, אַז איך בין אַליין צווישן די פיר ווענט, מאַך איך נישט ווילנדיק אַ חשבון פון מיין גאַנצער אַרבעט, פון מיין לעבן, און דעמאָלט קום איך צו זייער אַ סאָלידן סך־הכּל... כלעבן, ר׳ שלמה, עס איז זיך גאָרנישטאָ וואָס צו שעמען מיט אים...״

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און גענומען קלאַפּן מיט די פינגער אָן טיש, וואַרטנדיק, אַפּנים, אַז איך זאָל אים אויך באַשטעטיקן דעם סך־הכּל.

איך האָב עס, נאַטירלעך, געטאָן מיט אַ באַזונדער

חשק און ספעקטאָר האָט נאָך קיינמאָל נישט געשמייכלט אַזוי יונג, צעפרידן און גוט, ווי דעמאָלט.

צולעצט, כמעט פאַרן אַוועקגיין, האָט זיך פאַרוויקלט אַ נייער שמועס.

איך האָב געזאָגט:

„איר קענט נישט איינאָרדענען אייערע ליטעראַרישע געשעפטן, ר׳ מרדכי. איר דרוקט אַזויפיל אין דער אַמעריקאַנער טאָגפּרעסע, פאַרוואָס זאָלט איר דאָס אייגענע נישט דרוקן, לאָמיר זאָגן, אין דער וואַרשעווער פּרעסע? ס׳איז דאָך אַ שאָד! און נישט בלויז דאָס געלט איז אַ שאָד, נאָר טאַקע דער קאָנטאַקט, דער וואַרעמער קאָנטאַקט, די שטענדיקע פאַרבינדונג צווישן אייך און דעם יידישן לעזער אין פּוילן... דערדאָזיקער טרייער לעזער האָט אייך איצט פאַרלאָרן פון אויג. איר זענט אַנטרונען געוואָרן פון אים. ער זוכט אייך און געפינט אייך נישט.״

איך האָב געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער ספעקטאָר האָט מיך אַ צי געטאָן ביי דער האַנט און האָט מיר איבערגעשלאָגן.

„איר האָט געטראָפן אין פּינטל אַריין״, האָט ער זיך אָנגערופן. „איך טראַכט שוין לאַנג דערפון און דאָס האַרץ טוט מיר וויי דעריבער, אָבער נישט איך בין שולדיק, נאָר אייערע וואַרשעווער צייטונגספאַרלעגער... איך וואָלט אַפילו איצט געוואָלט זאָגן וועגן זיי אַ שלעכט ביטער וואָרט, אָבער איך האַלט מיך איין... און וואָס איז סוף־כל־סוף אַ שלעכט בייז וואָרט? הערט איר דאָך, אַז איך בין אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע און האָב דאָ אָנגעהייבן צו דרוקן מיינע ראָמאַנען, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַ וואַרשעווער צייטונג. מען האָט מיר געשריבן, אַז מען וואָלט געוואָלט איבערדרוקן אין דער צייטונג אַלץ, וואָס איך דרוק דאָ אין ניו־יאָרק און מען האָט מיך געפרעגט, צי בין איך מרוצה דערויף. איך האָב זיי, נאַטירלעך, באַלד געענטפערט, אַז אדרבה ואדרבה, איך בין

אַוודאי מרוצה, אָבער איך וויל, אַז מען זאָל מיר צאָלן... וויפל מען זאָל מיר צאָלן — דאָס איז מיר, ר׳ שלמה, לגמרי נישט אָנגעגאַנגען... עס האָט זיך מיר נאָר געוואָלט, אַז דאָס קינד זאָל האָבן אַ האָנאָראַר-נאָמען... געבן אין אַ צייטונג, וואָס קען, גאָט צו דאַנקען, צאָלן, אַ גאַנצן אויסגעהאָרעוועטן ראָמאַן בחינם—דאָס האָט מיך נישט בלויז באַליידיקט, נאָר אויך געשראָקן... איר פאַרשטייט, ר׳ שלמה, דאָס וואָלט אויסגעוויזן, ווי איך, ספּעקטאָר, וואָלט געווען אַן אומבאַהאָלפן פּיצל קינד, אַ יתומל, און אַלע טרעטן איבער מיר... איך טאָר גאָרנישט פאָדערן קיין האָנאָראַר פאַר מיינעם אַ ראָמאַן... עס האָט מיך פּשוט געשראָקן, זאָג איך אייך... אָבער הערט אַ מעשה. אין דעם אייגענעם בריוו, וועלכן איך האָב זיי אַרויסגעשיקט, האָב איך געבעטן, אַז זיי זאָלן מיר צושיקן קיין ניו-יאָרק אַ פּאָר דערציילונגען מיינע, וואָס זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג נאָך פאַרן קריג. איך האָב זיי גראָד באַדאַרפט האָבן. דערביי האָב איך געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז אויב זיי וועלן נישט האָבן קיין איינצלנע צייטונגס-עקזעמפּליאַרן, אין וועלכע עס האָבן זיך געדרוקט מיינע דערציילונגען, טאָ זאָל מען עס איבערשרייבן פון יאָר-קאָמפּלעקט אויף מיין חשבון. און אָט לויפט אַוועק אַ חודש, צוויי מער, און איך באַקום פון זיי אַ בריוו, אין וועלכן מען איז מיר מבשר און מודיע, אַז מכּוח האָנאָראַר איז דערווייל נישטאָ וואָס צו רעדן. מען וועט מיך, חלילה, נישט באַעוולען. אָט, אַ שטייגער, האָבן זיי שוין אויס-געגעבן געלט פאַר מיינעטוועגן, און האָבן באַצאָלט פאַרן איבערשרייבן מיינע דערציילונגען... איר הערט אַ טאָן, אַ נוסח פון אַ בריוו צו אַן אַלטן שרייבער? עס האָט מיך געוואַלדיק אויפגערעגט.״

ספּעקטאָר האָט געמאַכט אַ לאַנגע הפסקה, פּונקט ווי ער וואָלט נישט געוואָלט מער רעדן דערפון. צולעצט האָט ער אַ צי געטאָן די וואָנסן און געזאָגט:

„נאָכדעם אַלעם, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין רוס־לאַנד, בין איך געוואָרן אַ ביסל נערוועיש... אַ מענטש איז נישט פון אייזן... נישטאָ די אמאָליקע כּוחות... מרדכי ספּעק־טאָר איז געווען אַ גיבור, אָבער איבער זיינע פּלייצעס איז דורכגעגאַנגען אַ וועלט־מלחמה, אַ דעניקין, אַ פּעטלורע, אַ באָלשעוויזם מיט די אַלע פּאַרבייסעכצן... און וויפל דאַרף האָבן אַפילו אַ מענטש אַ גיבור? די נערוון זענען אָפּגע־שוואַכט געוואָרן, ר׳ שלמה... אמאָליקע יאָרן וואָלט איך מיך אויף אַזאַ מין בריוו אַפילו נישט אומגעקוקט. בא, אַ נייס דאָס איז, אַז מענטשן זענען גראָב. אָבער ביי מיינע איצטיקע נערוון האָב איך פּשוט געהאַט גרויסע יסורים פון דעם גאַנצן ענין.״

„עט! איר דאַרפט אייך איצט אויך נישט אויפרעגן דער־פון״, האָב איך אַ זאָג געטאָן. „איר קענט דאָך, ברוך השם, דעם כאַראַקטער פון אַ יידישער רעדאַקציע.״

„יאָ, יאָ,״ האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך צע־לאַכט. „איר זענט גערעכט. אַוודאי באַרואיק איך מיך און סטאַרע מיך צו באַרואיקן. אַגב, איז שוין אָפּגעלאָפן אַ שטיק צייט, פאַרגעסט מען במילא, ס׳פאַלט אַרויס פון זכרון... און אַז מען פאַרגעסט, מיין ליבער, ווערט אויך דער כּעס אָפּגע־קילט... אָט איז מיר שוין טאַקע אָפּגעקילט געוואָרן דער כּעס צו דער צייטונג, וואָס אָט די הענט האָבן געלייגט דעם פונ־דאַמענט צו איר״, און ער האָט מיר צוגעטראָגן ביידע הענט צו די אויגן. „איך וויל פאַרגעסן און מוחל זיין...״

„אָבער אייערע ראָמאַנען מוזן דורכאויס איבערגעדרוקט ווערן אין אַ וואַרשעווער צייטונג״, האָב איך געזאָגט. „אפשר וועל איך נעמען אויף זיך דידאָזיקע עובדה״.

ער האָט מיך אָנגענומען ביים אַקסל און לייכט אַ וויג געטאָן פון התפּעלות.

„יאָ, יאָ״, האָט ער געזאָגט, „איר וועט זיכער טאָן אַ

גערעכטע זאַך. אָבער איין תּנאַי שטעל איך אייך: אַ האָנאָ-ראַר-נאָמען!" איך וויל, מען זאָל מיר צאָלן. ווייניקער, מער, אַזאַ פּרייז, אַן אַנדער פּרייז, אָבער צאָלן זאָל מען! לאָמיך וויסן, אַז איך בין נישט אומבאַשיצט, ווי אַן אָנפאַנגער..."

מיט דידאָזיקע ווערטער האָט זיך געענדיקט אונזער שמועס אין אָט דעם אויסטערלישן אָוונט, וואָס האָט זיך מיר עפּעס שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון פון דער ערשטער רגע ביז דער לעצטער, מיט אַלע פּרטים און קלייניקייטן, מיט די קלענסטע באַוועגונגען און ניואַנסן אויף ספּעקטאָרס פּנים און מיט אַלע גאַמעס פון זיין שטימע.

איך בין אַרויס אינדרויסן, אינם רוישיקן ניו-יאָרקער דרויסן, וואָס איז געווען פאַרגאָסן מיט שרייענדיקע פייערן און מיט שטראָמען מענטשן, און פאַר מיינע אויגן איז פאַרויס-געשפּרונגען דאָס שטילע ספּעקטאָר-ווינקעלע און איך האָב אַלץ געהערט די ווערטער, וואָס זענען געפאַלן אין דעמדאָזיקן ווינקעלע.

* * *

עס איז געווען יום-טוב ביי יידן, און איך האָב מיך אויפגעהייבן פון בעט אַ פאַרבענקטער. איך האָב געזען אין דמיון אַ ווייס געדעקטן טיש, יום-טובדיקע פּנימער, גוטע היי-מישע יום-טוב-בילדער. אָבער דער דמיון אַליין האָט מיך אין דעם ווייטן ניו-יאָרק נישט געקענט צופרידנשטעלן.

איך האָב מיך פאַרבענקט אַהיים.

עס איז מיר מיטאַמאָל נמאס געוואָרן דאָס ניו-יאָרקער

צימערל, די ווענט, דאָס מעבל. זיי האָבן מיר אויסגעוויזן אַזוי וואָכעדיק, אַזוי גרוי, אַזוי אָרעם.

איך האָב נישט געוואוסט, וואָס מען טוט מיט זיך אין דערדאָזיקער גרויקייט און וואָכעדיקייט, און דאָס האַרץ האָט נישט אויפגעהערט צו נאָגן.

מיטאַמאָל איז מיר אָבער לייכטער געוואָרן, פּונקט ווי די ווענט פון מיין צימערל וואָלטן זיך דורך אַ כּישוף פאַנאַנ־דערגערוקט. איך האָב מיך דערמאָנט אָן ספּעקטאָרן. אין ספּעקטאָרן וועל איך זיכער געפינען אַ שטיקל יום־טוב, אַ רמז פון דער היימישער וואַרעמקייט און האַרציקייט. און כאָטש עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי, האָב איך נישט געמאַכט קיין שהיות און האָב אים באַלד טעלעפאָנירט.

איך האָב מיך נישט גענאַרט: אַ קלאַנג פון יום־טובדי־קייט האָט ווייך דערגרייכט צו מיין אויער אין טעלעפאָנ־טרייבל.

ספּעקטאָר האָט גערעדט:

„ר' שלמה! ר' שלמה! נעמט שוין די פיס אויף די פּלייצעס און פליט גלייך צו מיר! קיין איין מינוט לאָזט נישט אַדורך! איר הערט, וואָס מען רעדט מיט אייך!"

יאָ, איך האָב גוט געהערט און איך בין טאַקע כהרף־עין געקומען צו לויפן צו אים. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אויסגעשפּרייטע הענט, ווי אַ טאַטע, ווי אַ ברודער, מיט אַזוי־פיל וואַרעמקייט, אַז איך האָב מיך דערפילט אָרעם צו ענטפערן אויף איר.

„אַי, אַי, ר' שלמה, איר האָט אייך געקויפט עולם הבא, וואָס איר זענט געקומען! איך זיץ אַליין אין שטוב און בענק... אַ פּאָעט וואָלט אָנגעשריבן אַ קינה־ליד אין מיין לאַגע... איר קענט אייך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי איך בין פאַרבענקט נאָך אַ ביסל יום־טובדיקער יידישקייט. אינדערהיים בין איך געווען אַ קנאַפּער גייער אין שול, איר ווייסט דאָך... דאָ אָבער האָט מיך גענומען ציען, ווי מיט צוואַנגען... אָבער וואוהין גייט

מען? איז דען די ניו-יאָרקער שול אַ מקום-קדוש? אפשר פאַר מיין בתיהן. זי איז טאַקע אַוועק אין שול. אָבער פאַר מיר איז עס אַ וויסט קרעמל... זיץ איך אין אַנגסט און טראַכט, וואָס טוט מען? האָט אָבער גענומען קלינגען דער טעלעפאָן און איך בין געראַטעוועט געוואָרן... זאַלבענאַנד, אינצווייען, ברודער, צוויי יידן, וועלן זיי שוין אויסקוועטשן פון זיך אַ ביסל יום-טובדיקייט... נישקשה, נישט געדאגהט, ר׳ שלמה!"

ער האָט געריבן פון התפעלות אַ האַנט אָן אַ האַנט, האָט זיך לייכט, יינגלשדיק באַוועגט, איבערגעשפרונגען פון איין אָרט אויפן צווייטן און אין זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן אַרויסגעשמייכלט גאָלדענע יום-טובדיקע פייערלעך.

איבערגעשפרונגען אַ פאָר מאָל דאָס צימער, געכאַפּט אַ קוק אין קיך, אינם אַזויגערופענעם אייזבאָקסט, האָט ער זיך האַפערדיק אָנגערופן:

„קודם, ר׳ שלמה, וועלן מיר פראַוועוען צוזאַמען אַ יום-טובדיקן פרישטיקל... מיר וועלן אַ שפּיל טאָן מיט דער אכילה... זאָגט אייך, וואָס איר ווילט, ביי דער אכילה ווערט אַ מענטשן לייכטער אויפן געמיט... און איך וועל זיין אי דער סאַרווער, אי די דינסט, אי די באַלעבאָסטע, אי דער באַלעבאָס, אי דער עסער... זעט איר, קיין פליישיקס וועל איך אייך נישט געבן, דאָס האָב איך נישט. דערפאַר אָבער וועל איך אייך מהנה זיין מיט אַזאַ עשירות פון מילכיקס, וואָס איר האָט עס נאָך קיינמאָל נישט אָנגעזען אין אייער לעבן. מאָלט אייך, אַז ס׳איז אַ ביסעלע אַ גוזמא, אָבער עס שאָדט נישט. אָן אַ גוזמא קען מען גאָר-נישט אויפטאָן אין לעבן... האַ, ווי מיינט איר?"

ספעקטאָר האָט זיך טאַקע אַ נעם געטאָן צו דער אַר-בעט. איך האָב מיך אָבער אַ ביסל דערשראָקן פאַר זיין גרויסער אונטערנעמונג, פאַר זיין אימפעט. צו וואָס? ווער דאַרף עס אַ פרישטיק מיט אַזויפיל פּראַצע?

„ר׳ מרדכי", האָב איך אים געפּרואווט אָפּקילן, „אָט זעצט אייך בעסער אַנידער ביים טיש. צו וואָס דער גאַנצער

טאַראַראַם? מיר וועלן עס מאַכן פּשוטער און דערפאַר — ליבער און רואיקער. אַ שאָד די אַרבעט..."

„וואָס הייסט?" איז ער געבליבן שטיין מיט אַראָפּגע־לאָזטע הענט. „און מילכיקע קניידעלעך ווילט איר נישט? און לאַטקעלעך, געפּרעגלט אויף פּוטער, געפּעלכן אייך נישט? און בלינצקעלעך געפּילט מיט סמעטענע זענען ביי אייך גאָר קיין סחורה נישט? האָט קיין מורא נישט, איך וועל עס צוריכטן, ווי די בעסטע קעכין, כאָטש פאַר אַ מלך צו עסן! וואָס הייסט ביי אייך אַ פּשוטער און רואיקער פרישטיק? איר זענט דאָך אַ האַרטער מתנגד, אַן אויסגעטריקנטער ליטוואַק..."

מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג האָב איך געפּועלט ביי אים, ער זאָל מרוצה ווערן אויף אַ פּשוטן געוויינלעכן פרישטיק מיט אַ יידיש שטיקעלע הערינג, אַ גלאָז קאַווע, אַ פּאָר אייער.

„מילא, פאַרפאַלן!" האָט ער זיך אומבאַהאָלפן אונטער־געגעבן. „איר זענט מיין גאַסט און איך מוז אייך צופרידנ־שטעלן. אָבער איך וואָרן אייך נאָכאַמאָל: איר קענט נאָך חרטה האָבן."

איך האָב נישט געוואָלט חרטה האָבן, און ס'איז אַזוי אויך געווען זייער גוט.

זיין שמייכל, זיינע שטראַלנדיקע אויגן, די צולעבטקייט ביים שמועסן און די וויציקע מעשיות, וועלכע ער האָט מיר אין די הפסקות דערציילט — דאָס אַלץ האָט מיך אַזוי אויפגע־מונטערט און דערוואַרעמט, אַז איך האָב אויפגעהערט צו בענ־קען אַהיים.

ביי ספּעקטאָרס טיש האָב איך געפונען אַ שטיק יום־טוב פון דער אַלטער ליבער היים.

* * *

איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו זען ספּעקטאָרן אין פֿאַרשידענע מאָמענטן, און אַלעמאָל איז ער געווען דער גו־טער, ליבער, פּשוטער, אויפריכטיקער און גאַסטפריינטלעכער ספּעקטאָר.

אין זיין פריינטשאַפט האָט זיך אַלעמאָל געפילט עפּעס אַ צומיש פון קרובהשאַפט, פונקט ווי איר וואָלט שטאַמען מיט אים פון איין משפחה.

אין זיין געפיל צו אייך, ווי אין אייער געפיל צו אים, האָט ער נישט פאַרטראָגן קיין שום שאָטן אָדער פאַרדאַכט. ער האָט ליב געהאַט קלאָרקייט, פּשטות, נאַטירלעכקייט צווישן מענטשן.

איז געפאַלן אַ שאָטן אָדער אַ שלעכט וואָרט אויף זיינעם אַ פריינט, האָט ער נישט געקענט רוען און האָט זיך שטאַרק געמוטשעט.

איך דערמאָן מיך אין אַזאַ פאַל:

פאַר דער וועלט־מלחמה האָבן מיר אַרויסגעגעבן יהואשעס ווערק. די מאַטריצן פון דער אויפלאַגע האָבן געהערט צו יהואשן, אָבער זיי זענען געבליבן ליגן ביי אונז. אין יאָר 1920 האָט בן־אביגדור, איינער פון אונזערע שותפים, באַזוכט אַמעריקע און האָט איבערגעלאָזט ביי יהואשן וועקסלען צום איינקאַסירן אויף אַ סומע פון 1800 דאָלאַר.

יהואשן, ווידער, האָט געקומט פון אונז האָנאָראַר 900 דאָלאַר, אַ סומע, וועלכע ער האָט באַדאַרפט אַראָפּנעמען פון די איינגעקאַסירטע וועקסלען, און דאָס איבעריקע אונז אָפּשיקן קיין וואַרשע.

עס זענען אַוועקגעלאָפן צוויי יאָר, און מיר האָבן דאָס געלט נישט באַקומען. נאָכמער: מיר האָבן אפילו קיין שום

ידיעה נישט באַקומען פון יהואשן. אויף די בריוו, וואָס מיר האָבן אים צוגעשיקט וועגן דעמדאָזיקן ענין, האָט ער נישט געענטפערט...

אין יאָר 1922 האָבן מיר פּלוצלונג דערהאַלטן אַ בריוו פון יהואשן דורך זיינעם אַ באַקאַנטן פון ניו־יאָרק, וועלכער איז געקומען קיין וואַרשע. אין דעמדאָזיקן בריוו בעט ער מיך, איך זאָל איבערגעבן זיינע מאַטריצן דעם גאַסט פון אַמעריקע. וועגן דעם איבעריקן געלט האָט ער לגמרי נישט דערמאָנט. די זאַך האָט אונז אויסגעוויזן קשה, מיר זענען געווען ברוגזלעך אויפן דיכטער און מיר האָבן די מאַטריצן נישט אַרויסגעגעבן.

אַז איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט מיר ספּעקטאָר, ביי דער ערשטער באַגעגעניש, דערציילט, אַז יהואש האָט זיך פאַר אים געקלאָגט אויף „צענטראַל". מען האָט אים פאַרהאַלטן די מאַטריצן פאַר פרעמדע זינד, אַ גרויסע עוולה פון „צענטראַל".

איך האָב געפילט פון ספּעקטאָרס ווערטער, אַז ער האָט גרויס עגמת־נפש סיי פאַר יהואשן און סיי פאַר אונז, פאַר מיר. קוים בין איך זיינער אַ פריינט, טאָר אויף מיר קיין שום פלעק נישט פאַלן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט און האָט פיינלעך געפרעגט:

„ווי איז דער אמת? עס וואָלט מיר געווען זייער שווער, ווען איך זאָל מיך דאַרפן שעמען צו קוקן אַ פריינט אין די אויגן... איך וויל האָפן, אַז איר זענט אין אָרדענונג מיט יהואשן..."

מיר האָבן אָבער מער נישט גערעדט דערפון. און עס איז אויך קיין צייט נישט געווען. איך האָב געמוזט אַוועקגיין. איך האָב אָבער געזען, אַז ספּעקטאָר איז אַוועק מיט אַ שאָטן אויפן פּנים. ער האָט, קענטיק, מורא געהאַט, אַז ער וועט זיך אוודאי דאַרפן שעמען צו קוקן מיר אין די אויגן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיר ספּעקטאָר געבראַכט אַ בילעט אויף אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס איז געגעבן גע־וואָרן לכבוד גאָרינס 30־יעריקן יובילייַ.

ער האָט געזאָגט:

„ר׳ שלמה, מיר גייען היינט אויף דער פאָרשטעלונג. אָט האָט איר אייך אַ בילעט. מיר וועלן אַפילו גיין באַזונדער, אָבער דאָרט וועלן מיר זיך שוין טרעפן. מאַכט אייך גרייט.״

אַ בילעט אויף דערדאָזיקער פאָרשטעלונג האָט מען מיר שוין אַפילו צוגעשיקט מיט אַ פּאָר טעג צוריק. איך האָב באַדאַנקט דעם אַלטן פאַר זיין גוטן זכרון און האָב געזאָגט:

„אַ בילעט האָב איך שוין און מיר וועלן טאַקע זיין אויף דער פאָרשטעלונג. נאָכדעם וועלן מיר זיך אריינכאַפּן אין אַ רעסטאָראַן אויף אָוונטברויט.״

„נאָר מירביידע, אָדער נאָך ווער?״ האָט ספּעקטאָר געפרעגט.

„עס וועט זיין נאָך עמעצער אויך, אָבער איך וויל אייך נישט אויסזאָגן...״

„נו, אויב דאָס איז אַ סוד, פרעג איך נישט. איך וועל שוין זען שפּעטער״.

איך מוז דאָ זאָגן, אַז מיט אַ פּאָר טעג פריער בין איך גראַדע געווען ביי יהואשן און אונזער סכסוך איז אינגאַנצן אויפגעקלערט געוואָרן.

יהואש האָט מיר סוף כּל סוף מודה געווען, אַז איך האָב געהאַט דאָס רעכט נישט אַרויסצוגעבן אים די מאַטריצן, ווייל מיר האָבן נישט דערהאַלטן דאָס געלט. די סיבה: בן אביגדורס טויט.

„איר זענט געווען אין אָרדענונג״, האָט יהואש צולעצט געזאָגט, „און איך בין אויך געווען אין אָרדענונג. מיר זענען קוויט... נישט געענטפערט אויף די בריוו האָב איך דערפאַר, ווייל איך האָב נישט געפונען קיין ריכטיקע תּשובה...״

איך בין מיך מודה, אַז דער גאַנצער ענין דאַרף זיין אַ ביסל נישט קלאָר פאַרן לעזער. צוליב געוויסע טעמים איז נאָך אָבער צו פרי צו פאַרעפנטלעכן אַ מער אויספירלעכע דערקלערונג וועגן דעם.

פאַרענדיקט אינגאַנצן מיטן סכסוך, האָט מיר יהואש געזאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט זיך מיט מיר מיישב זיין וועגן דער אויסגאַבע פון זיין תּנ״ך. אַזוי ווי איך בין דאָך אַוודאי אַ בקי אין הלכות הדפסה, וואָלט ער געוואָלט, אַז מיר זאָלן זיך מאָרגן טרעפן ערגעץ אין אַ קאַפעהויז, וואו עס וועלן זיין אַ פּאָר באַקאַנטע און דאָרט גוט אַרומרעדן און אַרומשמועסן דעם גאַנצן ענין.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

„נאָך בעסער: איר וועט דאָך מסתּמא זיין אויף דער פאָרשטעלונג לכּבוד גארינס יובילײַ, וועלן מיר זיך צוזאַמענטרעפן נאָך דער פאָרשטעלונג."

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, האָט מיר טאַקע יהואש צוגעשיקט דעם בילעט אויף דערדאָזיקער פאָרשטעלונג.

דער טאָג איז איבערגעלאָפן, און אינאָוונט האָב איך מיך געטראָפן מיט יהואשן אין טעאַטער. עס איז נאָך געווען אַ ביסל פרי און מיר האָבן דערווייל געכאַפּט אַ שמועס. און אָט אינמיטן שמועס איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן ספּעקטאָר, אַ מבולבלער, ווי אַן איבערגעשראָקענער. ער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף יהואשן, אויף מיר און נאָכדעם אויף אונז ביידן און האָט זיך נישט געקענט באַרואיקן.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן צו יהואשן:

„אָט ווער עס האָט געהאַט גרויס צער פון אונזער סכסוך! הער ספּעקטאָר קען זיך ממש נישט באַרואיקן..."

יהואש האָט זיך אָנגעבויגט צו אים, און גלעטנדיק אים מיט די אויגן, האָט ער געזאָגט:

„זייט רואיק. עס איז געווען נישט מער ווי אַ טעות. דער סכסוך איז איצט אינגאַנצן אויפגעקלערט געוואָרן און מיר זענען גוטע פריינט, ווי געווען... נאָכמער: הער שרעבערק איז איצט מיינער אַ בעל-יועץ..."

ספּעקטאָר איז אונטערגעשפּרונגען פון שמחה. אַ ליכטיקער

שמייכל האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין ברייטן פנים. ער האָט גענומען טרייסלען יהואשעס הענט און נאָכדעם אַ כאַפּ געטאָן מיינע...

„אָט אַזוי, אָט אַזוי!" האָט ער פריילעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. „אַ שטיין איז מיר אַראָפּגעפאַלן פון האַרצן! ביידע גערעכט! אויסגעצייכנט! איר האָט מיך פשוט געראַטעוועט! איר ווייסט נישט, וויפל געזונט עס קומט מיר אָפּ, ווען איך זע, ווי מיינער אַ פריינט באַגייט אַמאָל אַן עוולה קעגן מיינעם אַ צווייטן פריינט... אַזוינס טאָר גאָרנישט געשען! איך קען עס נישט איבערלעבן!.."

ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער אַוודאי געכאַפּט אַ טענצל פון שמחה. דאָס גאַנצע פנים האָט אים געשיינט פון לויפיקע שמייכעלעך און טיפער אינערלעכער הנאה.

שפּעטער האָט ער מיר געזאָגט אויג אויף אויג:

„אַ נייע נשמה האָט איר מיר אַריינגעזעצט! כלעבן, ווען איך וואָלט מיך נישט געשעמט, וואָלט איך אייך אַ קוש געטאָן..."

אָט דאָס איז געווען ספּעקטאָר אין זיין פריינטשאַפט.

* *

איינמאָל האָב איך געטראָפן ספּעקטאָרן זייער אַן אויפגעלעבטן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון א. גאָלדבערגן, פון וואַרשע, מיטן פאָרשלאַג איבערצודרוקן די ראָמאַנען אין „היינט".

„איר פאַרשטייט, ר' שלמה", האָט ער מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, „אינם בריוו רעדט מען קלאָרע דבורים, נישט

געפּאַנפּעט... איך הער אַ מענטשלעכן לשון... עס איז געוואָרן לייכטער אויף דער נשמה. אַ מענטשלעכער לשון איז אַ סך ווערט, ר׳ שלמה... איך הער: מען רעדט וועגן האָנאָראַר און מען דערמאָנט מיר, אַז מען וועט מיר צאָלן, ווי מען צאָלט אין „היינט" אַלע אָנגעזעענע און חשובע שרייבער..."

ער איז פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן, אַריינגעוואָרפן זיינע גרויסע שיינע אויגן אין מיינע, געוואַרט אַ ווײַלע און מיך ווידעראַמאָל פאַרזיכערט:

„גלויבט מיר, ר׳ שלמה, אַז איך בין לגמרי נישט להוט נאָך געלט. צום לעבן האָב איך, היינט וואָס דאַרף איך מער? איך בין נישט פון די, וואָס האָבן ליב צו זאָרגן וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין אין צען יאָר אַרום. אָבער לאָזן דרוקן אַ ראָמאַן אָן שום באַדינגונגען, אָן קלאָרע ווערטער, בלויז אויף דעם סמך, וואָס „מען וועט", „ס׳וועט שוין זיין גוט"—דאָס הייסט דאָך פּשוט אויף די עלטערע יאָרן אויסגעלאַכט, אויסגעפּאַטשט צו ווערן פון אַ יידישער רעדאַקציע... איר קענט אייך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי גאָלדבערגס בריוו האָט מיך מחיה נפשות געווען! אַ שטיק געזונט האָט ער מיר צוגעגעבן!"

„איז שוין ביי אייך מיטן „היינט" אַ פאַרענדיקטע זאַך, ר׳ מרדכי?" האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

„ביי מיר איז נאָך אייגנטלעך גאָרנישט פאַרענדיקט! איך ווייס נאָך גאָרנישט, גאָרנישט... איך האָב נאָר דערהערט אַ מענטשלעכן קול..."

און נאָך אַ קליינער הפסקה האָט ער צוגעגעבן:

„איר פאָרט דאָך אינגיכן קיין וואַרשע, טאָ נעמט דעם גאַנצן ענין אויף זיך... נישקשה, איך וועל אייך אַמאָל אָפּדינען... מען איז דאָך נישט מער, ווי לעבעדיקע מענטשן... איך וועל אייך מיטגעבן דעם גאַנצן פּעקל מיט מיינע געדרוקטע ראָמאַנען, און איר פאַרהאַנדלט מיך דאָרט אין וואַרשע, ווי איר קענט און ווי איר פאַרשטייט. איך פאַר-

לאָז מיך איינגאַנצן אויף אייך. איך ווייס, אַז איר זענט מיר אַ גוטער פריינט... איין זאַך פאַרלאַנג איך נאָר פון אייך, אַז ביי די אַלע „טאָרגעס" און פאַרהאַנדלונגען זאָל מיין כבוד, חלילה, נישט ליידן..."

„מעג איך נאָך אונטערהאַנדלען מיט אַן אַנדער צייטונג אויך?" האָב איך געפרעגט.

„טוט, ווי איר פאַרשטייט!" האָט ער אָפּגעהאַקט און האָט מער נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם.

* *
*

דאָס לעבן לויפט, לויפט, מיטן אויג נישט צו כאַפּן. און אָט איז אָנגעלאָפן דער מאָמענט, ווען איך האָב געדאַרפט זאָגן אַ „זיי-געזונט" דעם טומלדיקן פאַרשמייעטן ניו-יאָרק מיט די קאַרס, עלעוועטערס און סאָבווייס, פאַר וועלכע ספעקטאָר האָט זיך אַזוי געשראָקן.

אין קעשענע האָב איך געהאַט ליגן אַ שיפקאַרט, און איבערמאָרגן, דעם 26-טן יאַנואַר, ניין אַ זייגער אינדערפרי, באַדאַרף איך פאַרלאָזן דעם ברעג פון דעם דאָלאַר-לאַנד.

זיך אָפּגעפּאַרטיקט אין מיין אָפיס מיט אַלע טאָג-ענינים, בין איך אַוועק צו ספעקטאָרן מיט אַ וויזיט. דאָסמאָל האָבן מיר שוין געשמועסט פון פאַרלאַג-ענינים. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, אַז „צענטראַל" זאָל אַרויסגעבן אַלע ווערק ספעקטאָרס, וואָס זאָלן איינגעטיילט ווערן אין פופצן בענדער.

איך בין געזעסן ביי אים, אַלס פאַרלעגער, און מיר האָבן לאַנג אַרומגעשמועסט דעם פּלאַן פון דער אויסגאַבע. ספעקטאָר האָט געוואָלט שיינע ביכער, אַ פיינע אויפלאַגע, וועגן געלט

האָט ער ווייניק גערעדט. איצט האָב איך געקענט איינזען, אַז ער איז געווען זייער אויפריכטיק, ווען ער האָט געטענהט, אַז ער איז קיינמאָל נישט געווען להוט נאָך געלט. האָנאָראַר איז טאַקע אַ גוטע זאַך, אָבער נישט די בעסטע. פאַראַן העכערע זאַכן פון האָנאָראַר.

„איר פאַרשטייט”, האָט ער געזאָגט, „איך וויל אַ שיין בוך מיט מיין נאָמען ספעקטאָר... אַ צווייט בוך—ספעקטאָר... אַ דריט בוך...”

ער האָט גערעדט, ווי אַ קינד און געשמייכלט, ווי אַ קינד.

פונדעסטוועגן האָבן מיר טאַקע דאָ אויפן אָרט גאַנץ ניכטער פאַרענדיקט מיטן ענין האָנאָראַר.

אין דעם אייגענעם אָוונט האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ גאַנץ פעקל מיט זיינע ראָמאַנען, אַלץ אויסשניטן פון צייטונגען און זשורנאַלן.

אין אַנדערע ראָמאַנען האָבן אַריינגעפעלט עטלעכע המשכים פון די צייטונגען. ספעקטאָר איז אָבער געווען זייער אַ פינקטלעכער מענטש, האָט ער זיי צונויפגענומען און געבראַכט אין אָפּיס.

„איר זעט, איך האָב זיי דאָ, די פעלנדיקע נומערן,” האָט ער מיט גרויס נצחון געזאָגט און אַ ווייז געטאָן מיר מיט די אויגן אויף אַ קליין פעקעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. „אַליין צוגעפּאָרן אין דער רעדאַקציע און זיי דאָרט אויסגעפונען. אָבער איר קריגט זיי נישט איצט, איך פאַרהאַלט זיי אומישנע, כדי איר זאָלט מיך כאָטש נאָך איינמאָל באַזוכן פאַרן אָוועקפאָרן... נאָך איין וויזיט מוזט איר מיר מאַכן, ר' שלמה. איר מוזט היינט זיין ביי מיר.”

איך האָב אים, נאַטירלעך, צוגעזאָגט.

פאַרנאַכט האָט אָבער אויסגעבראָכן אַ מוראדיקער שטורעמווינט, פון די אמתע אַמעריקאַנישע שטורעמווינטן. אַ שניי־זאַווערוכע האָט פאַרשטעלט הימל און ערד. „די גאַנצע נאַטור

איז משוגע געוואָרן." עס איז געווען אַ סכנה אַרויסצוגיין אין גאַס.

פּוונדעסטוועגן בין איך אַוועק צו ספּעקטאָרן.

אויף דער פּראָספּעקט-עוועניו האָט מיך דער שטורעמ-ווינט מיטאַמאָל אַ פּאַק געטאָן און אומגעוואָרפן אויף אַ סלופּ.

דער קלאַפּ איז געווען אַ שטאַרקער. אויף אַ רגע איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן, אין די רעיונות. אָבער געקומען צו זיך, האָב איך מיך אַרומגעזען, אַז מיין הוט איז נעלם געוואָרן און איין קאַלאָש האָט געמאַכט אַ ויברח. אַ פּע-קעלע ביכער, וואָס איך האָב געהאַט מיטגענומען אויפן וועג צום לייענען, איז אויך אַנטרונען געוואָרן.

וועגן גיין צו ספּעקטאָרן האָט גאָר קיין רייד נישט גע-קענט זיין.

מיט גרויסע צרות און סכנת-נפשות האָב איך מיך קוים דערשלעפּט צו אַ סטאַר פון היט און שיך און האָב מיר איינ-געקויפט דאָס, וואָס דער שטורעמווינט האָט מיר אויף אַזאַ גזלנישן אופן אַוועקגעקחנט.

איך האָב מיך געהאַלטן פאַר אַ קרבן פון שטורעמווינט און האָב מיר געזאָגט, אַז אַזויאַרום בין איך פּטור פון וויזיטן.

אָבער אינדערהיים האָב איך טעלעפאָנירט צו ספּעקטאָרן. איך האָב אים דערציילט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אויפן וועג צו אים. ספּעקטאָר איז געווען אויסער זיך, האָט זיך שטאַרק באַאומרויקט און האָט זיך אַלץ נאָכגעפרעגט, צי איך בין געזונט.

„מילא, וואָס איר האָט פאַרלאָרן אַ קאַלאָש און דעם הוט," — האָט ער אַריינגערעדט אין טעלעפאָן, — „טאָ זאָל דאָס אויסגיין צו דעמזעלבן שטורעמווינט, נישט געדאַכט זאָל ער ווערן! אָבער צי האָט עס אייך, חלילה, נישט געשאַדט צום געזונד? פּילט איר זיך גוט?"

„איך פיל מיך גוט."

„נו, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע!"

מיר האָבן זיך געמוזט צעזעגענען דורכן טעלעפאָן. מיר האָבן געזאָגט גוטע ווערטער איינאַנדער, אָבער אַזאַ מין גע-זעגענען זיך איז געווען פיינלעך.

ספעקטאָר האָט אַלץ נישט געקענט אַרויסלאָזן פון דער האַנט דאָס טעלעפאָנטרייבל. צולעצט האָט ער געזאָגט:

„מיר האָבן זיך אַפילו צעזעגנט, פונדעסטוועגן וועל איך צוגיין צו דער שיף. איך וועל אייך ברענגען די פעלנ-דיקע נומערן פון מיינע ראָמאַנען און מיר וועלן זיך ערשט רעכט צעזעגענען, ווי מענטשן..."

די נאַכט האָט ניו-יאָרק פאַרשאָטן מיט שניי. הויז און גאַס זענען געווען איינגעדעקט מיט ווייסע דיקע קאָלדרעס. עס האָט שטאַרק געשטערט דעם פאַרקער.

איך האָב געמוזט אַרויספאָרן מיט אַ פּאָר שעה פריער צו דער שיף, און מיין אויטאָ האָט געמאַכט געוואַלדיקע אומ-וועגן, וואָס האָבן צוגענומען אַ שטיק צייט.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף מיטן שניי.

פון האַפן האָב איך ווידעראַמאָל טעלעפאָנירט צו ספעקטאָרן. איך האָב אים געוואָרנט, ער זאָל נישט קומען צו דער שיף, מחמת די וועגן זענען פאַרלייגט מיט שניי, און אַזאַ מין נסיעה איז נישט פאַר זיינע כוחות.

מיר האָבן זיך נאָכאַמאָל געזעגנט און איך האָב אים מבטיח געווען, אַז איך וועל איינאָרדענען זיינע ענינים, ווי אַן אויפ-ריכטיקער פריינט. די פעלנדיקע נומערן זאָל ער מיר צושיקן קיין וואַרשע און זאָל וואַרטן אויף מיין בריוו.

אונזער שמועס דורכן טעלעפאָן האָט זיך פאַרענדיקט מיט ספעקטאָרס ברכה:

„פאָרט געזונט, מיין טייערער, זייט מצליח! איך פאַרהאָף, אַז מיר וועלן זיך ווידער זען געזונטערהייט!"

ער האָט עס געזאָגט אַזוי שאַרף, אַזוי קלאָר, אַזוי זיכער, אָבער דאָס איז געווען ד אָ ס ל ע צ ט ע, וואָס ער האָט מיר געזאָגט.

אין זעקס וואָכן אַרום נאָך מיין אָפּפאָר פון אַמעריקע, דעם 15־טן מערץ 1925, האָבן מיר דערהאַלטן די טרויעריקע ידיעה, אַז ספּעקטאָר איז ג ע ש ט אָ ר ב ן.

* * *

אַז איך בין געקומען קיין וואַרשע, האָב איך מיך דורכ־געשמועסט מיט אַ פאָרשטייער פון אַ וואַרשעווער צייטונג. איך האָב אָבער באַקומען פון יענעם אַזאַ תשובה, אַז איך האָב מיך באַליידיקט פאַר ספּעקטאָרן...

איך האָב באַלד אָנגעשריבן ספּעקטאָרן, ער זאָל די ראָ־מאַנען איבערגעבן אין „היינט".

ספּעקטאָר האָט זיך קיין איין מינוט נישט געקווענקלט.

זיינע ראָמאַנען, פריער „ד י ס ו ד ו ת", נאָכדעם „ד י ק ל ל ה פ ו ן ש י י נ ק י י ט" האָבן זיך אָנגעהייבן צו דרוקן אין „היינט", און האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די ברייטע לעזער־קרייזן. זיי האָבן אַפילו אויפגעהייבן דעם טיראַזש פון דער צייטונג. ספּעקטאָר האָט שוין אָבער נישט דערלעבט צו דערמאָזיקן נחת — דעם לעצטן נחת פון אַן אַלטן שרייבער...

אויך „צענטראַל" איז צוגעטראָטן צו אַ פולשטענדיקער אויסגאַבע פון אַלע זיינע ווערק, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט,

און דאָ דערמאָן איך מיך ווידעראַמאָל זיינע ווערטער אין יענעם אומפאַרגעסלעכן שמועס ביי אים אינדערהיים:
„איך וויל אַ שיין בוך וויל איך... איין שיין בוך — ספעקטאָר... צוויי שיינע ביכער — ספעקטאָר... דריי..."

* * *

אין יאָר 1927 בין איך ווידער געווען אין אַמעריקע. איך האָב באַזוכט ספעקטאָרס פרוי און זי האָט מיר איבערגע־געבן דעם גאַנצן אַרכיוו, וואָס איז איר געבליבן פון דעם מאַן.

פרוי ספעקטאָר האָט מיט גרויס יראה און פּיעטעט צונויפגעזאַמלט אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן ספעקטאָרן פאַר זיין לעבן און נאָכן טויט.

אַ דאַנק פרוי ספעקטאָר, האָבן מיר באַקומען די מעגלעכ־קייט אַרויסצוגעבן אַ ל ץ, וואָס ספעקטאָר האָט געשריבן און אַ ל ץ, וואָס איז ביז אַהער געשריבן געוואָרן וו ע ג ן ספעקטאָרן. און אַזויאַרום ווערט ביסלעכווייז מקוים ספעקטאָרס הייסטער וואונש — איינצוטיילן און אַרויסצוגעבן זיינע ווערק אין 15 בענדער. ביז היינט צו טאָג זענען שוין דערשינען 10 בענדער. די איבעריקע פינף ווערן שוין אויך פאַרענדיקט אין דרוק.

# מיין שטעטל.

## א. דראזשנער.

מיין קליין שטעטעלע, וואו איך בין געבוירן און דער־צויגן געוואָרן, האָט זוכה געווען מקבל־פּנים צו זיין בלויז צוויי יידישע שרייבער: מרדכי ספּעקטאָר און יהל״ל, און צוביידע האָב איך נאָך דעמאָלט קיין זכיה נישט געהאַט אָנצוקומען: אַ יינגל געווען, פּאות און אַ לאַנגע קאַפּאָטע גע־טראָגן און גוט אַריינגעקערנט אין דער גמרא.

אָבער וואָס אין שטעטל האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען מרדכי ספּעקטאָר איז געקומען, דאָס געדענק איך, פּונקט ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען, כאָטש עס איז שוין אַ פערטל יאָר־הונדערט אין דעם.

עס איז אינמיטן ווינטער געווען. ספּעקטאָר איז אויף זיין וועג קיין מעזשיבוזש געווען. אַ הויכער, אַ יונגער, אַ שיינער, עלעגאַנט און גרויסשטאָטיש אָנגעטאָן, מיט אַ הויכער קאַראַקולענער קוטשמע, מיט אַן אויפגעשטעלטן שפּיץ.

ווען די אינטעליגענץ האָט אים געפירט איבערן שטעטל צו עוזרן, האָט מען אים פון אַלע פּאַרפּרוירענע פענסטער נאָכגעקוקט; די שטאָט־באַלעבאַטים האָבן מיט רוגזה איבער

זייערע ברידן געקוקט, און אין דער סאַדיגורער קלויז האָט
מען זיך געקאָכט:

„סטייטש, מען פירט דאָך אים איבער דער „שטאָט", ווי,
להבדיל, אַ גוטן יידן!"

און אָנגעפאַלן איז מען אויף עוזרן, וואָס איז געווען
געבענטשט מיט דריי דערוואַקסענע מיידלעך, אויף וואָס קיינער,
חוץ די בחורים, האָט אים נישט מקנא געווען.

עוזר איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געהאַט גרעסערע
דאגות, איידער דאָס אפיקורסות פון זיינע געבילדעטע דריי
טעכטער, וועלכע ער פלעגט נאָכגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

ס'איז אַ סברא, אַז ער פלעגט אויסבעטן ביי באַקאַנטע
מענטשן טיטון און פלעגט דאָס אָפּגעבן די טעכטער (ס'איז
נישט קיין לשון-הרע: מ'האָט געוואוסט אין שטעטל, אַז זיי
רויכערן, ווי איר זעט מיך אַ יידן!).

דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו אַ צווייטן סאַדיגורער
חסיד, ביי וועמען ספעקטאָר איז איינגעשטאַנען. דער האָט אויך
געהאַט צוויי טעכטער, וואָס האָבן זיך לגמרי נישט געפּאַסט
פאַר אַ חסיד.

אָט דעם יידן האָט מען ממש מיט חרם געסטראַשעט,
וואָרים וואו איז עס געהערט געוואָרן, אַז אַ ייד מיט אַזעלכע
צוויי מוידן זאָל אַריינלאָזן צו זיך אין הויז אַזאַ אפיקורס,
וואָס איז אפשר אומישע געקומען צו פאַרשפּרייטן דעם „סמך
מם", ר"ל, צווישן די יונגע בחורים. ווי לאָזט מען גאָר
אַזעלכעס אין אַ פרום יידיש הויז אַריין?

פאַר אונז, יינגלעך, די ערב-משכילים פון שטעטל, איז
ספעקטאָרס וויזיט געווען אַ יום-טוב און אַ תשעה-באב.

מיר האָבן זיך געפרייט, וואָס מיר האָבן זוכה געווען
צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם מחבר פון יידישע ראָמאַנען,
און זיך שטאַרק מצער געווען, וואָס מען לאָזט אונז צו אים
נישט צו.

אַרום די פענסטער פון עוזרס שטוב האָבן מיר זיך גע-

דרייט און פאַרפרוירענע געשטאַנען און געוואַרט, ביז ער וועט אַרויסקומען, און מיר וועלן אים קענען גוט אָנפּנימען. דערביי איז מען נאָך געווען אין גרויס סכנה, אַז עמעצנס טאַטע זאָל, חס-וחלילה, נישט אָנקומען...

מער וואָלט נישט געפעלט...

ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין ניו-יאָרק זיך באַקענט מיט ספעקטאָרן אין מאָריס שוואַרצס קונסטטעאַטער, האָב איך אים דערמאָנט זיין וויזיט אין אונזער שטעטל.

איך האָב אים דערציילט, מיט וויפל קנאה איך האָב דעמאָלט געקוקט אויף די משכילים פון אונזער שטעטל, וואָס האָבן געקענט שטיין, גיין און רעדן מיט אים, דעם שיינעם, גלייכן און פיין-פאַרפוצטן יונגן שרייבער, וועמעס ווערק איך האָב דעמאָלט שוין געהאַט געלייענט ערגעץ אויפן בוידעם, כדי דער טאַטע זאָל, חס-וחלילה, זיך נישט דערוויסן; וויפל איך האָב מקנא געווען די בחורים און יונגע איידעמלעך, וואָס זענען שוין אַרויס פונם רשות פון זייערע טאַטעס און קענען שוין בפרהסיא אַרומגיין מיט אַ שרייבער פון ראָמאַנען.

ספעקטאָר האָט אויסגעהערט, ווי איך רים זיין אַמאָליקן יונגן, עלעגאַנטן אויסזען, האָט שטום מיך אָנגעקוקט, אַ זיפץ און באַלד אַ שמייכל געטאָן, און געענטפערט וואָוליוונגעריש:

„אָבער צי ווייסט איר, וויפל איך האָב א י י ך מקנא געווען דעמאָלט דערפאַר, וואָס א י ר און אַלע אייערע קליינשטעטלדיקע בחורים זענען געבליבן מיט אַזויפיל שיינע מיידלעך?"

און דערביי אויסגערעכנט מיט די נעמען אַלע יענע מיידלעך, וואָס זענען דעמאָלט פאַר די שענסטע געווען פאַררעכנט, און וואָס זענען שוין אַציגד מסתּמא באָבעס, אויב זיי לעבן נאָך.

„איר האָט אַ גוטן זכרון אין אַלגעמיין, צי נאָר ווען ס'איז שייך צו מיידלעך?" האָב איך זיך אויך דערלויבט צו וויצלען.

„רעדט, איך בעט אייך, אַ ביסעלע שטילער", האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ פינגער אין מויל אַריין און געוואָונקען צו דער לאָזשע. „אַט זיצט מיין פרוי, אַן אייפערזיכטיקע. מער פעלט מיר נישט..."

# מיט ספעקטאָרן אין אָדעס.

מרדכי קאַפּלאַן

I

איך בין נישט קיין שרייבער און וועל עס נישט זיין. אָבער מרדכי ספעקטאָר, דער מענטש און דער שרייבער, ליגט מיר אַזוי טיף אין בלוט און זכרון, אַז איך קען נישט ביישטיין דעם נסיון פון דער פעדער... אין דעם בוך זכרונות וועגן ספעקטאָרן ווילט זיך מיר אויך אַריינפלעכטן מיינע ערינערונגען.

און אפשר איז עס נישט קיין נסיון און אויך נישט קיין פעדערשפּילעכל, נאָר אַ חוב, אַ הייליקער חוב, וואָס איך האָב צו באַצאָלן דעם געשטאָרבענעם?

איך האָב ספעקטאָרן צופיל געקענט, צופיל געלעבט מיט אים צוזאַמען און באַזונדערס זיך צופיל פאַרבונדן מיט אים אין די שווערסטע און פיינלעכסטע יאָרן פון זיין לעבן.

צום ערשטן מאָל זענען מיינע אויגן מיט גרויס יראה געפאַלן אויף ספעקטאָרן, ווען איך בין געווען אַ יינגל פון דרייצן יאָר.

אין פאַרלאַג „תושיה", וואו איך האָב דעמאָלט געאַרבעט, איז אַריינגעקומען אַן אויסגעפּוצטער שוואַרצוואָנסיקער הער, אַ רוישיקער און אַ באַוועגלעכער, און איך האָב דערהערט דעם קלאַנג ספעקטאָר...

שאלקאוויטש, דער אייגנטימער פון „תושיה", האָט אים

זייער וואַרעם אויפגענומען, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז איינער פון די גרויסע...

עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז דער דרייצניאָריקער ייִנגל, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ יראה צוגעקוקט צום שוואַרצ-וואָנסיקן הער, זאָל אַמאָל, אין יאָרן אַרום, ווערן זיין פאַרלעגער.

דער פאַרלאַג „השחר״, וואָס איז פון מיר געגרינדעט געוואָרן, האָט אַרויסגעגעבן ספּעקטאָרס דריי בענדער: „יום-טוב-דערציילונגען״, „טאָג און נאַכט״ און „היימישע בילדער״.

איך האָב מיך אָנגעהייבן עפטער צו טרעפן מיט ספּעק-טאָרן. מעגלעך, אַז אין אים און אין מיר איז געלעגן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונז דערנענט צו איינאַנדער. אונזערע באַ-געגענישן זענען אַלעמאָל געווען וואַרעמע, געמיטלעכע, אינ-טערעסאַנטע. און מערקווירדיק: זיינע מיינונגען האָבן על פּי רוב געשטימט מיט מיינע, ווי מיינע מיט זיינע.

עפטער פלעגט ער מיר אָנפּאַטשן אין פּלייצע מיט אַ שמייכל:

„הערט איר, קאַפּלאַן, מיר דאַרפן תּמיד לעבן בשלום, וואָרים מיר זענען צוויי מרדכיס... איר פאַרשטייט: איך אַ מרדכי און איר אַ מרדכי. עס איז אָנגענעם, ווען מען טרעפט אַ מענטשן, וואָס טראָגט דיין נאָמען... עפּעס איז פאַראַן דערין...״

טיילמאָל, אין די אָוונטן, ווען מיר זענען ביידע געווען פריי פון אַרבעט, פלעגן מיר אַריינפאַלן אין אַ רעסטאָראַן. דאָרט, ביי די ווייסגעדעקטע טישלעך, אין דער לופט פון געבראָטנס, צווישן איילנדיקע קעלנער מיט ווייסע האַנטעכלעך אויפן אַקסל, איז ספּעקטאָר געווען דער טאָנגעבער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש מיט דער רחבות פון אַ מלך, מיט גרויס בקיאות און ערנסט אריינגעקוקט אין דער שפּייזקאַרט, אַ ווילדע נאָכגעטראַכט, ווי אַ מיניסטער איבער אַ קאָמפּלי-

צירטן בודזשעט, וואָס לאָזט זיך אָבער רעאַליזירן, און נאָכדעם
אַ וואונק געטאָן צום קעלנער...

אַפילו דער וואונק איז געווען אַ רויִקער, אַ געלאַסע-
נער, אַ מושלדיקער.

און די קעלנער האָבן אים שוין געקענט.

„הערט איר, קאַפּלאַן, מען דאַרף וויסן וואָס צו עסן...
עס איז דאָך קיין קונץ נישט אָנצושטופּן דעם מאָגן. דאָס רוב
מענטשן זענען זיך טאַקע אַזוי נוהג. מען שפּאַרט אָן אַ פולן
מאָגן — און יוצא. מען דאַרף אָבער קענען מאַכן אַ שמחהלע
פון דער אכילה, איר פאַרשטייט, קאַפּלאַן, אַ שמחהלע, אַ
תענוג, אַ הנאה, אַ פאַרגעניגן, אַ חדווה, אַ יום-טובל און אַ
נחת אין די ביינער... עסט דען אַ מענטש בלויז צוליב דעם
מאָגן? אַ הונט עסט אַזוי!"

איך האָב אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווייל איך האָב
מיך אויך געהאַלטן ביי דערזעלבער מיינונג.

און ספּעקטאָר האָט געזאָגט:

„אָט אַזוי האָב איך אייך ליב. די צוויי מרדכיס אָדער
מאָטעלעך מוזן שטענדיק שטימען..."

## II

דער אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה האָט אַ זעץ געטאָן
איבערן קאָפּ, ווי אַ דונער.

מען איז צעמישט געוואָרן.

ספּעקטאָר איז געלאָפן קיין אָדעס.

עס איז זיכער געווען אַן אומבאַדאַכטער שריט פון אים.
וואָס האָט ער געהאַט צו לויפן? ווער האָט אים גע-

טריבן? איז דען באמת געווען אַזוי געפערלעך פאַר אים צו פאַרבלייבן אין וואַרשע?

עפּעטער פאַלט מיר איין, אַז ווען ער פאַרלאָזט נישט דעמאָלט אין טומל די פּוילישע רעזידענץ, וואָלטן מיר נאָך איצט געהאַט די זכיה צו זען ספּעקטאָרן אויף די נאַלעווקער טראָטואַרן. דער געזונטער פּעסטגעבויטער ספּעקטאָר וואָלט נאָך לאַנג געלעבט אויף גאָטס וועלטל.

אָבער אַ מענטש ווייס נישט אַלעמאָל (און אפשר קיינ־מאָל נישט), וואָס ער טוט און וואָס ער טוישט און וואָס ער קלויבט זיך אויס.

ספּעקטאָר איז געלאָפן קיין אָדעס און אויף די עלטערע יאָרן געפּרואווט דאָרט איינאָרדענען אַ נייע היים.

אין יאָר 1915 בין איך אויך געקומען קיין אָדעס. עס איז געווען אַ ווילדע אומרואיקע משוגענע צייט. איין האַלבע וועלט איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט פייער, שטאָל און בליי און די צווייטע האַלבע וועלט האָט זיך געטומלט, געיאָגט, גע־האָרעוועט, געפּרנסהוועט. איך האָב געהערט צו דער צווייטער האַלבער וועלט און אין קאָפּ האָבן מיר געברענט פאַרשידענע פאַרלעגערישע פּלענער.

און אָט, געדענק איך, איינמאָל אין אַ געדיכטן ווינ־טעראָוונט, האָב איך אָנגעטראָפן ספּעקטאָרן אין יידישן טעאַטער.

מיר ביידע האָבן צוגלייך אויסגעשריען פון התפּעלות. ספּעקטאָרס התפּעלות האָט אָבער אַזוי הויך געשטיגן, אַז ער איז באַלד,—נישט איבערגעגאַנגען, נאָר איבערגעלאָפן אויף „דו".

„שאַ, די צוויי מרדכיס זענען שוין ווידער דאָ!" האָט ער זיך צעשריען. „געזונט זאָלסטו מיר זיין, מרדכילע, וואָס דו ביזט געקומען אַהער! עס וועט זיך אָנהייבן אַ לעבן פונדאָסניי".

עס איז געווען אַ ברייטער וואַרעמער „דו", אַ האַר־ציקער, וואָס האָט מיר זייער זיס געקלונגען.

קיין סך פראַגן האָט מען נישט באַדאַרפט זיך שטעלן

איינאַנדער. עס איז אַלץ געווען קלאָר. אינדרויסן גיסט מיט פייער, עס איז אַ מלחמה און אָט לעבט מען פונדעסטוועגן אויף גאָטס וועלטל.

איך האָב מיך דערוואוסט, אַז ספעקטאָר ארבעט אין פינקלס רוסישער צייטונג „אָדעססקאַיאַ פּאָטשטאַ”, וואָס ווערט פאַרשפּרייט אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. עס איז נאָר געווען אַ פראַגע, ווי אַזוי שרייבט דער אַלטער אין רוסיש?

דידאָזיקע פראַגע איז מיר אויך אינגיכן פאַרענטפערט געוואָרן. פינקל האָט זיך נישט געניי‌טיקט אין ספעקטאָרס אַר־בעט. זיין צייטונג האָט געהאַט גענוג געשיקטע פעדערהעלדן אָן ספעקטאָרן. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער חסיד פון ספעקטאָרס טאַלענט, און ווי עס האָט פּאַסירט אַלעמאָל מיט ספעקטאָרס חסידים—אויך פון ספעקטאָרן גופא. ער האָט ליב געהאַט דעם אַלטן און האָט עס געמאַכט זייער עלעגאַנט: ער האָט אַנגאַ־זשירט ספעקטאָרן אַלס שטענדיקן מיטאַרבעטער מיט אַ באַ־שטימטער פענסיע.

און ספעקטאָר האָט זיך געפילט נישט שלעכט אין אָדעס. אַ גרויסע לעבעדיקע דרום־שטאָט, עס איז דאָ מיט וועמען צו פאַרברענגען, דער מענטש איז נישט איינזאַם.

אַלץ איז דאָ פאַראַן: זון, ביאַליק, ראַווניצקי, יאַטקעס, וויינען, רעסטאָראַציעס, צייטונגען, ביכער.

די באַוועגונג אויף די אָדעסער גאַסן פאַרכאַפּט דאָס אויג. אין די פריילעכע הילכיקע קלאַנגען פון דער שטאָט פילט זיך דער דרום־מענטש, און אין ספעקטאָרן גופא, אין זיין הילוך, פשטות און באַוועגונגען איז דאָך אויך געלעגן עפּעס פון דעם דרום־מענטש.

„הערסטו, מיין טייערער,” האָט ער מיר עפּטער אַ זאָג געטאָן, און ווי זיין טבע איז, פריילעך אַ בלישטשע געטאָן מיר מיט די שוואַרצע אויגן, „אָדעס איז אַ שטאָט און מען קען דאָ לעבן. אַן אומגליק האָט אונז נאָר געכאַפּט מיט דער וועלט־מלחמה...

מרדכי, מענטשן זענען גזלנים, באנדיטן, רוצחים, מען לאזט נישט לעבן. מען שניידט די קעפ איינע די אנדערע, מען האט געמאכט א שעכטהויז פון דער וועלט!.."

ער האט נאך לאנג גערעדט פון דער וועלט-מלחמה, גע-גאסן אויף איר פעך און שוועבל, אבער פארענדיקט האט ער מיט דעם, אז מען דארף לעבן און מען מוז לעבן.

„דאס לעבן קען מען נישט אויסשפייען פון זיך, גוטער ברודער," האט ער פעסט א זאג געטאן. „עס וועט נאך זיין גוט אויך. לאמיר נאר אריבערקומען די שווערע צייט, און דער עיקר, מען דארף זיך עפטער זען..."

און מיר האבן זיך טאקע עפטער געזען.

## III

אין יאר 1916 האט זיך אנגעהייבן שטארקער צו רודערן אין מיינע ד' אמות. איך האב געזען, אז מיט ווארשע איז א פארשלעפטע קרענק, אז זי איז אונז אנטרונען געווארן פון די אויגן אויף לאנגע צייטן, און איך האב מיך, פאר אין ברירה, גענומען פעסטער צו דער ארבעט. נאך גרויסע אנ-שטרענגונגען איז מיר געלונגען צו ארגאניזירן און אוועקצו-שטעלן אויף די פיס א גרויסן אקציען-פארלאג אונטערן נאמען „דעת". דער באוואוסטער אדעסער גביר און פאבריקאנט גור-אריה איז געווען איינער פון די הויפטאקציאנערן פון דער-דאזיקער אונטערנעמונג.

דער דירעקטער ציל פון „דעת" איז אייגנטלעך געווען: יודאיק—אין דריי שפראכן: יידיש, העברעיש און רוסיש, און דערצו קאלענדאריסטיק אין ברייטן מאסשטאב. מיר האבן אבער אויך געשלאסן א קאנטראקט מיטן פארלאג „מוריה",

וואָס האָט אונז באַדאַרפט איבערגעבן דעם גאַנצן פּאַרקויף פון זיינע ביכער, און מיר, ווידער, פון אונזער זייט, האָבן זיך מתחייב געווען צו באַזאָרגן ביאַליקן און ראַווניצקין, געבן זיי אַ מעגלעכקייט, צו קענען רואיק זיך פאַרנעמען מיט זייערע ליטעראַרישע אַרבעטן.

חוצדעם, האָבן מיר געוואָלט אַרויסוואַרפן אויפן יידישן ביכערמאַרק, ווי אַ באָמבע, פּאַראַמאָל, אַ הונדערט גוטע ביכער פון דער וועלטליטעראַטור און נאָכדעם, נאָך אַ געוויסער הפסקה, ווידעראַמאָל אַזאַ פּאַרציע...

עס האָט זיך אָנגעהייבן דרייען אַ רעדל. די פּלענער האָבן זיך כסדר צעוואָקסן, די האָפענונגען האָבן זיך צעבליט און דער באָדן אונטער די פיס האָט אויסגעוויזן אַ זיכערער.

מיר האָבן געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל. משה קליינמאַן איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג „דעת". עס האָבן זיך באַוויזן שטענדיקע מיטאַרבעטער: דאָס פּאָרל קויפמאַן, שלום-עליכמס טאָכטער און איידעם, רחל פייגענבערג, ב. שאַפיר, ב. עפעלבוים און אַנדערע.

אין דערדאָזיקער גראַנדיעזער אונטערנעמונג האָט זיך אָבער אויך אַריינגעפּלאָנטן מיט אַ ברייטער זייט מרדכי ספּעקטאָר. אָן אים האָט זיך עפּעס דער גאַנצער עסק נישט געפּאַסט.

דער פאַרלאַג „דעת" האָט ביי אים אָפּגעקויפט אַלע זיינע ווערק אין דריי שפּראַכן: יידיש, העברעיש און רוסיש. אויפן חשבון פון דערדאָזיקער קניה האָט ער לויטן אָפּמאַך באַקומען אַן אָנגעזעענע וועכנטלעכע פּענסיע.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ גרויסן שרייבטיש אין פאַרלאַגלאָקאַל און האָט זיך אַלע טאָג געפּאָרעט מיט דער פעדער, אויסגעפּראַוועט זיינע ווערק פאַר דער נייער אויסגאַבע, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ פ ו ל ש ט ע נ ד י ק ע, אויפן אייראָפּעישן שניט, שיין, עלעגאַנט אויסערלעך, אַן אמתע לוקסוס-אויסגאַבע.

די רוסישע איבערזעצונג האָט געמאַכט ה׳ קויפמאַן און די העברעישע—ראַווניצקי.

ספּעקטאָר איז געווען זייער צופרידן. קיין בעסערס האָט ער זיך אין פלוג נישט געוואונטשן. אמת, אַ שרייבער האָט בעצם ליבער צו שרייבן נייע ווערק, איידער אויסצופּאַריכטן און אויסצופּראַווען די אַלטע. און דאָס איז אויך נאַטירלעך. יעדעס נייע ווערק איז אַ פרישער קלאַנג אין דער מוזיק פון דעם שרייבערס רום. די אַלטע זענען שוין פאַר אים אָפּגעזונגענע, אָפּגעשפּילטע קלאַנגען...

אָבער דאָ האָט זיך דאָך עפּעס געהאַנדלט וועגן ספּעקטאָרס גאַנצן קינסטלערישן פאַרמעגן, וועגן אַ פולשטענדיקער אויסגאַבע פון אַלע זיינע ווערק אין דריי שפּראַכן, און דאָס האָט געקענט דערפרייען און אויפמונטערן אַ שרייבער אַפילו פון אַ גרעסערן פאַרנעם, ווי ספּעקטאָר איז געווען.

טאָג-איין, טאָג-אויס איז ספּעקטאָר געזעסן מיט זיין בלישטשעדיקן פליך ביים שרייבטיש, אַריינגעקוקט אין זיינע אַלטע ווערק, געקנייטשט דעם שטערן, געשריבן, צוגעשריבן, איינגעשריבן און געמעקט, געמעקט...

און פון צייט צו צייט האָט ער אַוועקגעלייגט די פּען, אַ קוק געטאָן מיט התפעלות צום שטייגל מיטן קאַנאַריק, וואָס איז אין זיין זכות געקויפט געוואָרן, אַ רייב געטאָן מיט הנאה אַ האַנט אָן אַ האַנט און אַזוי ספּעקטאָריש-געמיטלעך זיך אָנגערופן צו מיר:

„נו, וואָס זאָגסטו, מרדכי, עס גייט, ווי אויף פּוטער... מיט יעדן טאָג ווערט עפּעס געשאַפן. די אַרבעט צעוואַקסט זיך, ווי אַ טייג אויף גוטן הייוון... מיר שלאָפן נישט, ברודער.״

און איך בין מיך מודה, אַז עס איז געווען געוואַלדיק אָנגענעם צו הערן זיין קול און פאַר איינוועגס אַ כאַפּ צו טאָן מיטן אויג זיין בלישטשעדיקן קאָפּ מיט די ברייטע אַקסלען,

וואָס האָבן גערעדט פון אַ לאַנג, געזונט און פעט-ערדיש לעבן...

„פאַרשטייסט, מרדכי," האָט ער זיך ווידער אָנגערופן, „יעדער מענטש פאַרמעגט אַ ביסעלע ענערגיע אין זיך... מען דאַרף עס נאָר קענען אָנדרייען, ווי אַ מאַשינדל, עס זאָל גיין... ביי אַ שלים-מזל גייט נישט!"

אַלע טאָג האָבן מיר געכאַפּט אַ לייכט שפּאַס-שמועסל וועגן לעבן, וועגן עסן, וועגן אַ גוט ביסל בעסאַראַבער ווייַן, וועגן דער רחבות פון אַ וואַרעמער ליכטיקער דירה, וועגן אַ ווייכער בעט, ביז עס איז געקומען צו דער וועלט-מלחמה.

דעמאָלט האָט זיך זיין פּנים תיכּף געענדערט. עס איז געוואָרן האַרט, בייז און אָנגערוקט.

„ווען איך וואָלט קענען שילטן און מיין קללה וואָלט געהאַט אַ האַפט," פלעגט ער אַ זאָג טאָן, אַן אָנגעצונדענער פון גרימצאָרן, „וואָלט איך זיי פאַרשאָלטן! אַלעמען, אַלעמען פאַרשאָלטן פאַר דאָס פאַרגאָסענע בלוט, פאַרן שעכטהויז, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון דער וועלט!.. אָ, נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, די רוצחים!"

ער האָט געזען אינם וועלטקריג אַ געוואַלדיקע פּערזענלעכע באַליידיקונג, אַן אַטענטאַט אויף זיין מנוחה, אויף זיין מיטאָג, אויף זיין שלאָף, אויף דעם ביסל זון און הימל, מיט וועלכע ער איז זיך מחיה געווען אין דער גרויסער שטאָט, און ער האָט זיך נישט געקענט באַרויקן.

און ער האָט זיך לאַנג געקאָכט מיט אָנגעצונדענע אויגן, מיט אַן אָנגעצונדענעם פּנים.

## IV

אין די יאָרן 1916—1917 האָט ספּעקטאָר אָן שום הפסקות געאַרבעט אין פאַרלאַג, באַקומען זיין וועכנטלעכע פּענסיע און מיט גרויס הנאה זיך צוגעקוקט, ווי עס רוקט זיך אַלץ מער און מער פאָרויס די קאָלאָסאַלע אויסגאַבע פון אַלע זיינע ווערק אין דריי שפּראַכן. מען זעצט אים איבער אין רוסיש און העברעיש און מען זעצט אים אין יידיש, און עס ספּעקטאַרט זיך אויף אַלע פראָנטן.

דער אַלטער האָט שטיל געבליט פון נחת. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געפילט, ווי איצט, אַז זיין שרייבן איז אַ ממשות-דיקע און אַ נייטווענדיקע זאַך נישט בלויז פאַר יחידים, נאָר פאַר אַ גאַנץ פאָלק. עס דרייט זיך דאָך אַזאַ ראָד פאַר זיינטוועגן.

אַריינבלעטערנדיק מיט דער פּען אין די אַלטע ראָ-מאַנען, האָבן פונדאָסניי אויפגעלעבט פאַר אים די אַלע טיפּן, פאַרשווינען און געשטאַלטן, וועלכע ער האָט שוין כמעט ווי פאַרגעסן, און ער האָט געלעבט אין אַ וועלט פון חלומות, פון אַ זיסן עבר, פון יענער גאָלדענער צייט, ווען ער איז געווען יונג, געזונט און מונטער און האָט אָנגעשריבן דידאָ-זיקע ראָמאַנען.

ער האָט אָבער אויך געלעבט אין דערווירקלעכער וועלט, אין דער וועלט פון וואָר, און האָט געזען, ווי זי האָט אים אַזוי ברייט, געטריי און פּינקטלעך געצאָלט פאַר זיין וועלט פון חלומות.

און ער האָט עס פאַרשטאַנען אויף זיין שטייגער — פּשוט, געזונט און — טיף.

עפּטער פלעגט ער אַרויפוואַרפן אויף מיר די אויגן, אַ כאַפּ

טאָן מיך פאַרן אַקסל און אַריינזאָגן, אַ צעפרידענער, מיטן פולן מויל:

„פאַרשטייסטו, מרדכילע, אַ נחתל דיר אין די ביינער, דער פויער זאָגט: דאָס, וואָס דו האָסט פאַרזייט, דאָס שניידסטו... איך האָב עפּעס אויך געזייט אין מיין לעבן, און אָט שנייד איך אויף דער עלטער... פאַרשטייסט, מרדכילע, שרייבן איז אויך אַ מין זייען... נישט מער, דער פויער טוט עס אויף דער שוואַרצער ערד און דער שרייבער אויף ווייסן פּאַפּיר... בייביידן וועט אָבער גאָרנישט אויפגיין, נישט וואַקסן, ווען זיי וועלן נישט פאַרזייען עפּעס רעכטס... אַ גאַנץ לעבן האָב איך געאַרבעט, מרדכילע, געאַרבעט מיט דער פעדער, מיטן קאָפּ, מיטן האַרץ, אָבער אַז עס איז עפּעס געוואָרן פון דער אַרבעט—דאָס זע איך איצט..."

ער האָט געמאַכט אַ קליינע הפסקה, ברייט אַריינגעשמייכלט אין די וואָנסן אַריין און צוגעגעבן:

„יאָ, איך האָב מיך נישט וואָס צו קלאָגן. „דאָס פאָלק," דער ייִד, דער באַלעבאָס, דער סוחר, צי דער אַרבעטער האָבן תמיד געפונען דעם וועג צו ספעקטאָרן. מען האָט מיך אַלעמאָל געליינענט, אָבער ביזאָהער האָב איך נישט געהאַט די זכיה צו זען מיט די אייגענע אויגן אַ פולשטענדיקע אויסגאַבע פון אַלע מיינע ווערק, און אַזאַ מין אויסגאַבע זאָגט אַ סך... אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיינע לעזער זענען צעוואָרפן, צעריסן, צעזייט, ווי מיינע ביכער... איצט אָבער זע איך אַלע מיינע ביכער צוזאַמען און מיינע לעזער צוזאַמען... און עס ווייזט מיר אויס: איך האָב געזייט און עס וואַקסט... עס וואַקסט, מרדכילע, עס וואַקסט!.."

פלוצלונג האָט ער זיך אויסגעדרייט, אַ וואָרף געטאָן די אויגן צום שטייגל מיטן פייגעלע און זיך אָנגערופן שטיל, ווי שעפּטשענדיק:

„דו הערסט, ווי דער קאַנאַריק זינגט אין שטייגל? ס'צוגייט אין אַלע גלידער! אַי, מרדכילע, מרדכילע!.."

# V

מיטאַמאָל אָבער איז דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאָשן געוואָרן. מען האָט אַזוי לאַנג געמלחמהוועט, געהאַקט און געשניטן מענטשנפליייש, ביז עס האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, מיט אַ שוואַכן קערענסקי אַלס צוזאָג, און נאָכדעם זענען געקומען די באָלשעוויקעס.

די שיינע פרייליכע זוניקע אָדעס איז אַריינגעפאַלן אין מרה־שחורה. שוואַרצע כמאַרעס האָבן פאַרדעקט איר הימל. פון אַלע אונטערנעמונגען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. הונגער, נויט און קראַנקהייטן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין די אָדעסער הייזער. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט אויסגעצויגענע נעז פון דאגות.

דער דלות האָט אויך אַריינגעשמעקט צו ספּעקטאָרן. דער אַלטער האָט זיך דערשראָקן און איז געוואָרן אָפּהענטיק. ער איז אַפילו נישט געווען קיין גרויסער בעל־משפּחה, קיין מטופל מיט קינדער, אָבער אַלטע יאָרן אַליין זענען אויך אַ גענוג שווער פּעקל אין אַ הונגערצייט.

דוכאָווני, אַ יידישער יונגערמאַן, אַ לערער, איז אין אַ מיטן נאַכט געוואָרן נישט מער און נישט ווייניקער, ווי פינאַנצמיניסטער און דירעקטאָר פון דער באָלשעוויסטישער מלוכהבאַנק אין אָדעס. ער האָט אָבער געהאַט אַ באַציונג צום יידישן בוך און צום יידישן שרייבער און האָט פאַרגעלייגט ספּעקטאָרן אַ שטעלע אין מלוכה-באַנק. ער האָט געוואָלט באַזייטיקן פאַר דעם אַלטן די סכנה פון הונגער.

דער אַלטער האָט געקווענקלט. ערשטנס, איז געווען אַ פראַגע, וואָס וועט ער דאָרט טאָן אין דער מלוכה-באַנק? ווי קומט ער צו אַזאַ מין אַרבעט? און, צווייטנס, האָט אים געשראָקן די באָלשעוויסטישע מאַרקע...

אין הונגער קווענקלט מען אָבער נישט לאַנג. אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג איז ספּעקטאָר אַוועק אין באַנק אַריין און האָט זיך דאָרט אַנידערגעזעצט. עד־היום איז נאָך שווער פעסטצושטעלן, וואָס ער האָט דאָרט געטאָן. איינס איז אָבער געווען קלאָר: דער הונגער האָט שוין נישט געהאַט אַזאַ שליטה איבער אים.

פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אַלע טאָג געטראָפן און אַלע טאָג צוגעזיפּצט און צוגעקלאָגט און צוגעוויינט אויפן לעבן, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט פּחדים, נויט און הונגער.

„עס גייט אונטער די וועלט", האָט ספּעקטאָר געשעפּטשעט, ווי צופּייפנדיק, „די וועלט גייט אונטער"...

דער ווינטער איז אַוועק, עס האָבן זיך אָנגעהייבן שיינע הייסע זומערדיקע טעג, אָבער עס איז נישט געווען פריילעך פון זיי.

פון אומעט, פון נישט האָבן וואָס צו טאָן, פון זיצן און אויסקוקן אויפן נעכטיקן טאָג, פלעגן מיר — ספּעקטאָר, דער דיכטער טשערניכאָווסקי, סעמיאַטיצקי און איך — גיין אַלע טאָג צום ים זיך אָפּבאָדן. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ מין רעאַל געשעפט, וואָס האָט אונז אַזוי ווי אויפגעהאַלטן ביים לעבן...

מיט אַ צייט פריער האָבן מיר אַזוי געשפּילט אין קאָרטן, אין אָקע: ספּעקטאָר, פרוג, ראַווניצקי און איך. דאָרט האָבן זיך פיר מענטשן אויסגעזעצט ערנסט ביים טיש, דאָ האָבן פיר נאַקעטע גופים אַלע טאָג מיט גרויס ערנסט זיך אַריינגעלאָזט אין וואַסער אַריין. מען האָט עס געטאָן נישט פאַר וואוילטיק, חלילה, נאָר פון אומעט...

# VI

יענע שרעקלעכע אומפאַרגעסלעכע צייט פון הונגער, פּחד און טויט האָט ספעקטאָרן אינגאַנצן צעקלאַפּט. זי האָט צע-קלאַפּט זיין שטאַרקן גוף, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פון קיין מחלות.

ספעקטאָר האָט זיך אָנגעהייבן עפּטער צו קלאָגן, אַז ער ליידט יסורים. באַזונדערס אָבער האָט ער זיך געקלאָגט אויף דער גראָבער קישקע, און האָט אַלץ געטענהט, אַז ער גייט אָפּ מיט בלוט.

איינמאָל האָט ער געשיקט מיך רופן. ער איז געווען אַזוי איבערגעשראָקן, דערשלאָגן און פאַריאושט, אַז ער האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קינד, ווען ער האָט מיך דערזען.

„אוי, מרדכילע, עס איז שלעכט, עס איז זייער שלעכט", האָט ער זיך גענומען קלאָגן. „איך גיי אָפּ מיט בלוט, ראַ-טעווע מיך".

די ליפּן האָבן אים געציטערט, פון די אויגן האָבן זיך געגאָסן גרויסע טרערן. פאַר מיר איז געשטאַנען נישט מרדכי ספעקטאָר, נאָר אַן אומבאַהאָלפענער זקן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אַן אָפּעראַציע, און קיין געלט איז נישט געווען. אין שטאָט האָבן געבושעוועט דעניקינס באַנדעס. דאָס לעצטע שטיקל לעבן איז אָפּגעשטאָרבן.

איך בין אָבער אַוועקגעלאָפן צו ביאַליקן מיט אַ גוואַלד. מיט דעם דיכטערס הילף האָט זיך באַלד אָנגעהייבן צו רודערן אַרום ספעקטאָרן.

דר. צוקערמאַן, וואָס האָט אים דער ערשטער באַזוכט און באַטראַכט, האָט איינגעפונען, אַז דער חולה ליידט אויף אַ ראַק. דערהערט דאָסדאָזיקע וואָרט, זענען מיר אַלע געוואָרן אָפּהענטיק.

מען האָט אָבער נישט געטאָרט פאַרצווייפלען אינגאַנצן. מען האָט געמוזט ראַטעווען ספּעקטאָרן, וואָס עס זאָל נישט זיין און ווי עס זאָל נישט זיין. מיר האָבן זיך געווענדט צו דעם בעסטן כירורג אין אָדעס, צו דר. זילבערבערג. ער האָט לאַנג באַטראַכט און באַקוקט דעם חולה און האָט איינגעפונען, אַז דאָס איז נישט קיין ראַק, נאָר מערידן אין אַ שווערער פאָרם.

„מערידן אין אַ שווערער פאָרם", אָבער פאָרט נישט קיין ראַק! עס איז אונז אַלעמען לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה.

„מען וועט אים מוזן אָפּערירן, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „מען דאַרף אים ברענגען צו מיר אין שפּיטאָל."

ספּעקטאָר האָט זיך גענומען גרייטן צו דער אָפּעראַציע. ער האָט קיין סך נישט גערעדט, אָבער ער האָט זיך זייער געשראָקן. דאָס גאַנצע לעבן האָט ער קיינמאָל נישט געקרענקט און ער האָט בכלל נישט געקענט סובל זיין די כירורגישע אַרבעט מיטן מעסער אין מענטשנס פלייש...

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט עס נישט איבערלעבן, און אַז „זיין לעצטע שעה איז געקומען".

ווען איך האָב זיך צום הונדערטסטן מאָל אַריינגעכאַפּט צו אים אין דידאָזיקע שווערע שעהן, פאַרן אָפּפירן אים אין שפּיטאָל, האָט ער מיך מרה-שחורהדיק אָנגעקוקט און האָט מיר דערלאַנגט אַ פאַרקלעבטן קאָנווערט אין דער האַנט.

אויפן קאָנווערט האָב איך דערזען עטלעכע פעסט-זיצנדיקע שורות:

> מיין בעסטן פריינט
>
> **מרדכי קאַפּלאַן**
>
> אָדעס, האָטעל „ווענעציע"
>
> 4-טער שטאָק, צימערן 8, 7, 6.

ספעקטאָר האָט געזאָגט:

„דאָס איז מיין צוואה, מרדכי... עפענען זי נאָך מיין טויט... אַז מען גייט מאַכן אַן אָפּעראַציע, מרדכי, גייט מען גלייך צום מלאך המות אין די הענט... זעלטן וועמען עס גע- לינגט זיך אַרויסצורייסן פון דידאָזיקע הענט... און דעריבער האָב איך צוגעגרייט אַ צוואה...”

מיר האָבן מער נישט גערעדט.

## VII

די אָפּעראַציע האָט זיך נישט איינגעגעבן. ספעקטאָר האָט פאַרדריקט די ציין און געשוויגן מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן פון אַ טויטן. ער האָט, קענטיק, אויפגעגעבן דעם קאַמף מיטן מלאך המות.

דער מלאך המות האָט אָבער נישט געקענט זיין אַזוי תקיף ביי זיך. מרדכי ספעקטאָר איז געווען אַ צו שטאַרקער מענטש, און נאָך דער צווייטער אָפּעראַציע, וואָס איז אים גע- מאַכט געוואָרן אויפן דריטן טאָג, האָט דער חולה ברייטער געעפנט די אויגן און האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, ווי אַ מענטש, וואָס איז מיטאַמאָל אַרויסגעשוואומען פון אַ טיפן וואַסער.

מיט יעדן טאָג איז ער אַלץ מער און מער געקומען צו די כוחות. דער שטאַרקער גוף האָט גובר געווען די דאָקטוירים מיט זייערע רפואות, אָפּעראַציעס און טויט.

„וואָס זאָגסטו, מרדכילע?” האָט ער שוין געשמייכלט, ליגנדיק אויפן ווייסן שפּיטאָלבעט און באַוועגנדיק מיט די שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן זיך אים געגרעסערט און טרוקן צעברענט פון דער קראַנקהייט. „אַז מען דאַרף, לייגט מען

זיך אונטערן מעסער... קיין קונצן העלפן דאָ נישט, ברודער. עס איז געווען אַ געזונטער ספּעקטאָר, מרדכילע, אַן אייזערנער ספּעקטאָר, האָט מען אים גענומען שניידן זיין פלייש מיט מעסערס, ליגט ער איצט אין בעט, ווי אַן אומבאַהאָלפן עופעלע... אַ מענטש איז אַ שטרוי. אַפילו אַן אייזערנער מענטש איז אַ שטרוי... אָבער גאָרנישט, מרדכילע, גאָט וועט העלפן, נישט געדאגהט!״

ער האָט אַ סך גערעדט, פאַרציילט, געשמייכלט. ער האָט זיך אַליין ווי געחידושט, וואָס ס׳איז אים געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די ביינערקע הענט פון מלאך המות... ער איז געלעגן מיט אויפגערייצטע שפּאַנענדיקע נערוון, מיט אַ געוואַלדיקן חשק צו זען מענטשן, צו רעדן מיט מענטשן, ווי איינער, וואָס איז פּלוצלונג ניצול געוואָרן פון אַ גרויסער סכנה.

ספּעקטאָר האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַרן טויט. זיין שרעק האָט ער אַפילו קונציק פאַרבאָרגן, נאָר איך האָב אים תמיד אָנגעטאַפּט אין זיינע שמועסן, אין זיינע נישט דערזאָגטע ווערטער. ער האָט דעם טויט נישט געקענט תופס זיין, ווי עס קען נישט תופס זיין אַ זאַטער — דעם הונגעריקן. און דערפאַר האָט ער זיך אַזוי געשראָקן פאַר אים.

איך דערמאָן מיך אין אַזאַ פאַל. באַלד נאָך מענדעלעס טויט איז ספּעקטאָר געקומען צו לויפן צו מיר אַ פאַרסאַפּעטער, אַ צערודערטער און אַן אומרואיקער.

„נו, מרדכילע״, האָט ער מיך האַסטיק אַ פרעג געטאָן, „ווער „ג ייט איצט?״

איך האָב נישט פאַרשטאַנען זיין פראַגע. האָט ער מיך אָנגענומען ביים קאָלנער און אַ טרייסל געטאָן, און האָט נאָך שאַרפער איבערגעפרעגט:

„גראָבער קאָפּ דו, איך פרעג דיך, ווער גייט איצט נאָך מענדעלען?״

אומבאַדאַכטערהייט איז מיר אַרויסגעפלויגן פון דער צונג:

„דינעזאָן!״...

ספּעקטאָר האָט אַ טאַנץ געטאָן פון שמחה.

„בראַוואָ, מרדכי, לאַנג לעבן זאָלסטו! דו האָסט מיך פּשוט גערעטעוועט! אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, מיט אַן אויג נישט צוגעמאַכט, אַלץ געטראַכט: ווער גייט נאָך מענ־דעלען? ביז ס'איז מיר אויך איינגעפאַלן: ד י נ ע ז אָ ן... אָבער איך האָב געפילט, אַז מיין השערה איז נאָך ווייניק... איצט, אַז דו זאָגסט אויך דאָס אייגענע, איז דאָך נישטאָ מער וואָס צו רעדן וועגן דעם... איז דאָך דאָס אַ זיכערע זאַך, מרדכילע! אַי, לעבן זאָלסטו!"

און ער איז אַוועקגעגאַנגען אַ צעפרידענער, אַ באַרואיקטער, מיט בלישטשעדיקע אויגן פון שמחה.

## VIII

ספּעקטאָר האָט שוין לאַנג געטראַכט און געפּלאַנעוועט צו פאַרלאָזן ראַטנרוסלאַנד, וואו אַלץ, האָט אים אויסגעזען, גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. ער האָט נישט געקענט אָטעמען אין דער לופט פון פחד און פאַרוויסטונג. אויך דער הונגער האָט אים יעדעס מאָל צוגעוואונקען פון אַן אַנדער ווינקל און געשראָקן מיט ביטערע שלעכטע יאָרן, מיטן טויט...

„וואָס וועלן מיר דאָ טאָן?" פלעגט ער זיך עפּטער קלאָגן. „מיר וועלן דאָך דאָ אויסציען די פיס און אַ האָן וועט נישט אַ קריי טאָן! מען מוז זיך ראַטעווען, מרדכילע, כּל זמן עס גליט נאָך אַ פונק לעבן אין גוף."

די גרעסטע געפאַר האָט ער געזען אין הונגער. פון אַ קויל קען מען זיך פאַרבאַהאַלטן, פון אַ גאַס־מהומה קען מען

אַנטלויפן, אַפילו פון טשע־קאַ קען מען זיך אויך ווי עס איז פאַרהיטן. אָבער וואָס טוט אַ מענטש אין אַ הונגער?

„צו אַ הונגער איז דאָך נישטאָ קיין שום עצה, מרדכילע. דער קאָפּ ווערט דיר אויסדאַרן פון רעיונות, און ס׳ווערט דיר גאָרנישט העלפן... שטיינער אָדער האָלץ קען מען דאָך נישט עסן. אַ מאָגן דאַרף ברויט, פלייש, פוטער... וואו וועלן מיר עס נעמען? ווער זייט איצט ברויט און ווער האָדעווערט און שעכט איצט בהמות און ווער שלאָגט עס אויס פוטער אין אַזאַ צייט?..״

איך מוז מיך דאָ מודה זיין אין אַ גרויסן חטא, וואָס איך בין אין יענער צייט באַגאַנגען קעגן דער ראַטנמאַכט: אויפן בוידעם, פאַרבאָרגן פון מענטשלעכע אויגן און דער עיקר—פון דער ראַטנמאַכט, האָב איך אויסגעהאָדעוועט אַ גאַנז מיט אַ קאַטשקע... גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב טיילמאָל ביינאַכט נישט צוגעמאַכט מיט אַן אויג פון שרעק. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, געחלומט, געבאָמבלט אין די רעיונות, אַז די מאַכט איז געוואָר געוואָרן פון מיין אומלעגאַלער פאַרברע־כערישער אונטערנעמונג און קומט מיך אַרעסטירן דערפאַר...

די גאַנז מיט דער קאַטשקע האָבן זיך אָבער, אויף צו להכעיס דער ראַטנמאַכט, דווקא גוט אויסגעהאָדעוועט, מען האָט זיי געשאָכטן און מיר האָבן געהאַט אויסגעצייכנטן שמאַלץ.

צו חנוכה האָבן מיר געמאַכט לאַטקעס. אין אונזער ענגן קרייזל האָט ספעקטאָר מיטן ווייב פאַרנומען דעם אויבנאָן. ספעקטאָר איז געווען אויפן זיבעטן הימל פון שמחה. ער האָט זיך כסדר געריבן די הענט, ווי אַ רייכער מחותן ביים חתונה־טיש, געשמייכלט, געלאַכט, געשיינט פאַר גדולה און נחת.

איך, זינדיקער מענטש, בין געווען דער פרעגלער פון די לאַטקעס. דאָס פריילעכע קנאַקן פונם שמאַלץ אויפן פייער האָט ספעקטאָרן געקלונגען אין אויער, ווי אַן אָרקעסטער. אַלע פינף מינוט בין איך אַריינגעלאָפן פון קיך מיט אַ הייסער פאַן לאַטקעס, און ספעקטאָר איז געוואַקסן פון תענוג.

ער האָט ברייט אַ זאָג געטאָן צום ווייב:

„בערטע, לאָמיר מאַכן אַ שטיקעלע סדר ביים טיש: אָדער איך עס אויף מיין גאַנצע פּאָרציע לאַטקעס און די וואָרטס, אָדער פאַרקערט. אמת, וואָרטן אויף לאַטקעס איז אפילו נישט זייער געשמאַק ביי די היינטיקע שווערע יאָרן, אָבער ס'איז דאָך אַלץ בעסער, ווי צו עסן איינציקע לאַטקעס מיט גרויסע הפסקות".

דאָס איז געווען אונזער לעצטע שמחהלע אין דער וויסטער און הונגעריקער אָדעס.

מיט עפּעס אַן אייזערנער עקשנות האָט ספעקטאָר דורכגעפירט זיין פּלאַן: ביסלעכווייז אויספאַרקויפט די זאַכן און זיך מכין געווען צו דער נסיעה.

ער האָט געזאָגט:

„דאָ וועל איך מוזן שטאַרבן, איך וועל לאַנג נישט ציען... אין אַמעריקע אָבער וועל איך לעבן. איך האָב נאָך אויף מיינע פּלייצעס אַ גוטע צען יאָר צו לעבן און איך טאָר מיט זיי נישט ריזיקירן. דו ביזט יינגער פון מיר, יענער איז יינגער פון מיר — איר קענט זיך נאָך האַלטן אויף די פיס. אָבער אַ מענטש אין מיינע יאָרן מוז זיך ראַטעווען, אַנישט איז ער פאַרפאַלן. יעדער טאָג איז טייער. יעדער טאָג איז פינף יאָר לעבן..."

אין אַ כמורנעם ווינטערדיקן אינדערפרי האָט ספעקטאָר מיטן ווייב פאַרלאָזט אָדעס. עס איז צוגעגאַנגען בסוד־סודות. בלויז געציילטע מענטשן האָבן געוואוסט פון דערדאָזיקער ריזיקאַלישער אונטערנעמונג.

עס האָט שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ פאַר ספעקטאָרן, פאַר זיינע אַלטע יאָרן, פאַר זיינע אָפּגעשוואַכטע כוחות. איך האָב כסדר געטראַכט פון אים, געטראַכט — און זיך געשראָקן.

אינם גרענעץ־שטעטל איז ער געזעסן אַ חודש צייט, וואַרטנדיק אויף דער מעגלעכקייט זיך אַריבערצושוואַרצן קיין רומעניע. דאָס האָט באַדאַרפט ווירקן אויף זיינע נערוון, אויף

זיין געמיט. ער האָט אָבער געפֿונען אַ טרייסט און אַ באַ־רואיקונג אין דער ליבע פֿון די שטעטלשע יידן, סיי יונג, סיי אַלט, וואָס האָבן אים און דאָס ווייב באַזאָרגט מיט עסן און טרינקען, מיט אַ שטיל ווינקעלע, און ממש מיט מסירת־נפש אָפּגעהיט זיי פֿאַר די זוכנדיקע דורכדרינגענדיקע אויגלעך פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאָליציי...

ער האָט בשלום אַריבערגעשוואַרצט די גרענעץ, און אינם בריוו, וואָס ער האָט מיר תּיכּף צוגעשיקט פֿון דער רו־מענישער זייט, האָב איך געפֿונען התפּעלות פֿון אַ דערוואַ־רעמטן מענטשן. מען האָט אים דאָרט „געקעכלט", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, געטראָגן אויף די הענט, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים און אים כּסדר אַרויסגעוויזן גרויס ליבשאַפֿט און התלהבות.

ספּעקטאָר האָט זייער ווייניק באַנקעטן געהאַט אין זיין לעבן. די קריטיק האָט אים אויך קיינמאָל נישט דערוואַרעמט, ווי אַ שרייבער. דערפֿאַר אָבער האָט קיין איין יידישער מחבר נישט געהאַט אַזוינע טרייע איבערגעגעבענע לעזער און לעזערינס ביי די ברייטע פּשוטע פֿאָלקסמאַסן, ווי ספּעקטאָר. זיין נסיעה איבער די שטעט און שטעטלעך פֿון רומעניע, און ווייטער, אין פּאַריז, אויפֿן וועג קיין אַמעריקע, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ שטילן האַרציקן ספּעקטאָר־יום־טוב, וואָס האָט מיט זיין אויפֿ־ריכטיקער שמחה און התפּעלות צענפֿאַך געדעקט און פֿאַרגיטיקט די פֿאַרפֿעלטע באַנקעטן און פֿאַרפֿעלטע קריטיק.

# אַן אָוונט מיט מ. ספּעקטאָרן.

מ. יאָפּע.

I

ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט באַנוצט דאָס יידישע וואָרט נישט אַלס מיטל צום ציל, נאָר אַלס ציל גופא.

דער יידישער דורכשניטלעכער לייענער האָט זיך דעמאָלט געשפּייזט מיט שמ״רן און בלאָשטיינען. אומנאַטירלעכע האַנד־לונג, אַבסטראַקט־סכעמאַטישע „העלדן״, פּאַרדייטשמערטע שפּראַך— דאָס איז געווען דער כּלומרשטער ראָמאַן, וואָס האָט עקזיסטירט פריער.

ספּעקטאָר איז געווען איינער פון די פּיאָנערן אויפן פעלד פון דער ליטעראַטור, וועלכער האָט געשאַפן דעם רעאַ־ליסטישן ראָמאַן און דערציילונג.

זיינע ערשטע זאַכן, ווי פּרימיטיוו זיי זענען נישט געווען, האָבן דאָך אַריינגעטראָגן ממשותדיקעס הן אין נוסח, הן אין תּוך.

אין נוסח (נישט אין סטיל, ספּעקטאָר האָט נישט געשאַפן קיין אייגנאַרטיקן סטיל) — די פּשטות, די קלאָרקייט פונם

אַרויסגעזאָגטן וואָרט אין דער שילדערונג, דער ווייכער, הגם נישט נאָר אייגנטימלעכער מאַניער, דער איינפאַכער צוגאַנג צו דער זאַך, — דאָס אַלץ איז געווען ניי, אַן אייגענער שטייגער.

דער אינהאַלט, דער ספור־המעשה — פּראָסט אַזוי, ווי פּראָסט עס איז אַ קערנדל אין אַ זאַנג, אָבער ס'האָט זיך געפילט, אַז עס וואַקסט אַרויס פון דער ערד, אַז עס האָט אַ וואָרצל.

וואָרים, ווי נאַיוו ספּעקטאָר האָט נישט געשילדערט דאָס יידישע לעבן, איז עס דאָך געלעגן אין דעם אַ קערנדיקער אמת, איז עס דאָך אַרויסגעוואַקסן פונם לעבן גופא.

די האַנדלונגען זענען נישט פאָרגעקומען אין ערגעץ אַן אויסגעטראַכט, פון פינגער אויסגעזויגן לאַנד, נאָר אין דער אייגענער געזעענער סביבה. דער לשון, אויף וועלכע די „העלדן" האָבן גערעדט, איז געווען נישט קיין געבאָרגטער, פרעמדער, אַזאַ, וואָס באָמבלט זיך, ווי אַ לונג און לעבער אויפן נאַרישן נאָז, — נאָר דאָס לשון, אויף וועלכן יידן האָבן באמת גערעדט.

די העלדן גופא זענען אַלע כמעט געווען טאַקע אָרעמע, נעבעך, קליינע, שוואַכע פאַרשוינען, — אָבער האָט דאָך דאָס יידישע לעבן כלל נישט פאַרמאָגט קיין פרינצן און מאַרקיזן. האָט מען זיך געמוזט רעכענען מיטן פאַקט און איבערגעבן די זאַך אַזוי ווי זי איז.

אמת, ספּעקטאָר האָט קיינמאָל נישט דורכגעמאַכט די עפּאָכעס פון שטורם און דראַנג אין זיין שאַפן. ער האָט נישט געזוכט און איז נישט ביכולת געווען אַרויסצוברענגען נייע פאָרמען און מאָטיוון, אַנטדעקן נייע האָריזאָנטן, ווי די אַנ־דערע אין זיין צייט, וועלכע האָבן די יידישע ליטעראַטור פאַרטיפט, פאַרברייטערט און פאַרשטאַרקט.

ער איז בעצם געווען דער פּיאָנער, וועלכער האָט גע־טראָגן ציגל, רויען מאַטעריאַל פאַר דעם שפּעטערדיקן בנין, —

און דידאַקטישע אויפגאַבע האָט ער אויסגעפירט טריי און ערלעך.

ער האָט געאַרבעט, ווי דער פּיאָנער, פלייסיק און אומ-מיטלבאַר. זיינע אַלע גרויסע ראָמאַנען — צעצויגענע, לאַנגע — האָבן דאָך פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אונז אין זכרון.

און אין די שפּעטערדיקע זאַכן — דערציילונגען און נאָוועלן — האָט זיך שוין גאַנץ גוט געפילט אויך דער קינסט-לערישער פאַרנעם.

עס איז געווען אין אַ געוויסן זין אייגנאַרטיק.

אין די קלענערע זאַכן האָט שוין ספּעקטאָר דערגרייכט צו דער מדרגה פון אמתער יצירה.

עס ווערט פאַר אונז דערציילט אַ געשיכטע פון אַ „רייכן פעטער", אַ געשיכטע, וואָס רודערט אויף מיט איר פּשוטער פאַבולע די מחשבות, נישט ווייניקער, ווי מאַנכע סאָציאַלע דראַמעס...

עס ווערט איבערגעגעבן אַן עפּיזאָד פון „אַ שטרייק פון קבצנים", אַן עפּיזאָד, וואָס טרייסלט אונז אויף אין אַ גוטמוטיקן געלעכטער און ציט אַרויס בגנבה אַ טרער פון די אויגן.

„אַ שטוב" — דער גורל פון אַ יידישער שטוב מיט אירע איינוואוינער, איז אפשר נישט ווייניקער פּראָבלעמאַטיש, ווי דאָס דאָן-קיכאָטישע יאָגן זיך נאָך אויסגעאידעאַליזירטע שאָטנס...

און אויף אַלצדינג רוט עפּעס די שטילע, רואיקע פּשטות, דער טרויעריק-גוטמוטיקער, פּקחותדיקער הומאָר, דער לייכטער חן פון קינדישקייט, וואָס קוקט אַמאָל אַרויס דורך די אויגן פון אַ דערוואַקסענעם.

און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אָט דידאַקטיקע איינפאַכע זאַכן האָט דווקא איבערגעזעצט אין העברעיש דער פאַרפלאָנטערט-ראַפינירטער און שווער-אָטעמדיקער אורי ניסן גנעסין, איינער פון די ערשטע זוכער אין דער ניי-העברעישער

ליטעראַטור. ער האָט זיין שטורמישן גייסט געטוליעט אין די
ווייכע, פּראָסטע קישעלעך פון דער ספּעקטאָרישער דערציילונג.
די יום-טובדיקע העברעיִשע שפּראַך האָט זיך אָנגעפּילט
מיט די קליינע זעטיקע קערנדלעך פון מאַמע-לשון.
און ווער ווייסט, אויב נישט די פּראָסטע קערנדיקע
דערציילונגען און נאָוועלן פון אברהם רייזען, א. ראבאי
און אַנדערע זענען נישט די גלגולים פונם ספּעקטאָרישן
אָנגעהייבענעם ניגון.

II

ספּעקטאָר איז געווען פּערזענלעך אַזוי איינפאַך און
פּראָסט, אַזוי שטיל און עניוותדיק, ווי אין זיינע שאַפונגען.
און אפשר איז דאָס גאָר דער העכסטער, בולטסטער
שטריך צו זיין כאַראַקטעריסטיק.
עס דערמאָנט זיך מיר אָדעס. עס איז געווען אין
יאָר 1920.
אין אָדעס איז דעמאָלט איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גראַנד-
יעזער ליטעראַריש-מוזיקאַלישער אָוונט לטובת די יידישע פּליטים.
די ליטעראַרישע אָפּטיילונג האָבן געדאַרפט אויספירן: ה. נ.
ביאַליק, יעקב פיכמאַן, ב. סאַפּיר, א. כאַשין און—מ. ספּעקטאָר.
ס'איז שווער אָנגעקומען איינצואָרדענען אַזאַ מין אָוונט
ביי די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן. אָבער די אויפגאַבע צו
העלפן די צערוינירטע היימלאָזע פּליטים—האָט אונז צוגעגעבן מוט.
צום ערשטן זענען מיר אַוועק צו מ. ספּעקטאָרן. ער
האָט אונז באַגעגנט מיט זיין גוטן ליבן שמייכל און האָט
אונז גלייך געזאָגט:
„נו, וואָס, קינדערלעך? אַ ליטעראַרישע אונטערנעמונג?
אַ נייער אַלמאַנאַך, אָדער אפשר גאָר אַן אָוונט?"

„אמת", האָבן מיר זיך מודה געווען, „דאָס לעצטע האָט איר געטראָפֿן. מיר זענען געקומען בעטן, איר זאָלט אַרויס־טרעטן אויף אַן אָוונט, וואָס מיר אָרדענען איין".

„אַן אָוונט? וואָס פֿאַר אַן אָוונט?" האָט ער אונז תּיכּף איבערגעהאַקט, אויסשטעלנדיק אויף אונז זיינע קלוגע, טרויעריק־שמייכלענדיקע אויגן.

„אַן אָוונט פֿאַר די יידישע היימלאָזע".

„שעמען מעגט איר אייך אין וייטן האַלז!" איז ער אויף אונז אָנגעפֿאַלן. „איר גייט נאָך פֿרעגן! וואָס הייסט? שטעלט, שרייבט, טוט! אוודאי, אוודאי וועל איך אַרויסטרעטן. ווי דען? און איצט לויפֿט צו ביאַליקן. ער איז דאָך דער געשוואוירענער אַרויסטרעטער אויף אַזוינע אָוונטן. ער וועט זיך געוויס נישט אָפּזאָגן. און אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן—זאָלט איר אים נישט שווייגן! איר זאָלט איבערקערן די שטוב! ווי דען? אַן אָוונט פֿאַר יידישע היימלאָזע!"

און אַז מיר זענען „צוגעלאָפֿן" צו ביאַליקן, האָט אונז ביאַליק פֿריינטלעך אויפֿגענומען, אָבער ער האָט פּשוט געענטפֿערט:

„איך, דאַרפֿט איר וויסן, האָב לעצטנס אַ נדר געטאָן: מער נישט אַרויסצוטרעטן אויף עפֿנטלעכע אָוונטן. פֿאַרשטייט איר, איך בין עפּעס געוואָרן אַן אַרטיסט. דער עולם לויפֿט קוקן אויף ביאַליקן, אים זען מיט די אויגן, הערן אים, ווי ער רעדט, — און איך וויל, אַז ביאַליקן זאָל מען בעסער לייענען... אָט, זעט איר, צו ספעקטאָרן גייט צו: ער איז דאָך דער געשוואוירענער אַרויסטרעטער אויף אָוונטן..."

מיר האָבן אים געענטפֿערט. אַז ספעקטאָר איז שוין ביי אונז מאָביליזירט, און טאַקע ער האָט אונז געהייסן גיין צו ביאַליקן, וועלכער איז דער געשוואוירענער אַרויסטרעטער אויף אָוונטן...

אַנטקעגן אַזאַ האַרבן אַרגומענט האָט ביאַליק נישט גע־קענט בייַשטיין און ער האָט געמוזט מסכּים זיין.

...און אָט איז שוין דער „אָוונט". ב. סאַפּיר לייענט אַ פּאָר פון זיינע לידער. עס רעדט א. כאַשין.

און אָט גייט זיך אַרויף אויף דער בינע דער אַלטיטש־קער, אָבער נאָך גאָר יונגער ספּעקטאָר, שמייכלט מיט זיין גוטמוטיקן שמייכעלע, ווערט גאָרנישט נתפּעל פאַר די פּאָרוי־סעדיקע אַפּלאָדיסמענטן פון עולם, זעצט זיך אַוועק ביים טישל און נעמט לייענען זיינע אַ נאָוועלע.

אין פלוג, איז ער אַזוי ווייט פון די אַריסטאָקראַטישע מאַניערן — און דאָך ווירקט עס אויפן עולם, ווי די שענסטע, בעסטע דעקלאַמאַציע פון אַן אַרטיסט. זיין איינפאַך, האַרציק לייענען גיסט זיך צונויף מיט דער איינפאַכקייט פונם מעשהלע.

ער באַצווינגט דעם גאַנצן עולם, און נאָך איידער ער פּרואווט אַרויסצוזאָגן די לעצטע ווערטער, הילכן שוין איבערן גאַנצן זאַל די אַפּלאָדיסמענטן און אויסגעשרייען:

„ספּעקטאָר! ספּעקטאָר!"

ספּעקטאָר לאָזט זיך, חלילה, נישט בעטן און ער לייענט אַ צווייטע זאַך.

און ווידעראַמאָל:

„ספּעקטאָר! ספּעקטאָר!"

און פּונקט, ווי היינט, שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן דידאָזיקע סצענע, ווי ספּעקטאָר זיצט זיך רואיק און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן דערציילט ער דעם גרויסן אָדעסער עולם אַזאַ מין געשיכטע:

געווען אַן אַלטער מלמד אין אַ קליין שטעטל. האָט דערדאָזיקער מלמד געוואוינט אין אַ קליין בלאָטיק שטיבל און איז געווען אַ קבצן שבקבצנים. איז זיין איינציקער תּענוג געווען — שמעקן טאַבאַק. דאָס איז געווען זיין שטיקל עולם־הזה. אַ שמעק געטאָן טאַבאַק, — פלעגט אים ליכטיק ווערן אין די אויגן. נאַטירלעך, איז זיין גאַנצע נאָז, ווי גרויס זי איז געווען, פאַרלייגט בפּועל ממש איינגאַנצן מיט טאַבאַק, — אָבער אַ מחיה!

איז זיך דערדאָזיקער מלמד איינמאָל, ל״ג-בעומר, אַרויס מיט די תּלמידים אַ שפּאַציר טאָן הינטער דער שטאָט. נו, דאָרט איז דאָך גאָר עפּעס אַן אַנדער לופט. האָט זיך ביי אים די נאָז אויפגעכאַפּט פון שלאָף. איז זי רויט געוואָרן, ווי אַ צונטער... האָט אים גענומען שטיקן און ווערגן, און ער האָט גענומען ניסן און ניסן.

„פּע, אַ לופט דאָס איז!״ האָט דער מלמד געזאָגט אומצופרידן און אַלץ געהאַלטן אין איין ניסן. „קומט, קינדער, אַהיים. איך קען נישט פאַרטראָגן די לופט. פּע! פּע!״

און איז קוים אַנטלאָפן, ווי פון אַ מגפה, צוריק צו זיך אַהיים.

ערשט דאָרטן, ביי זיך אין דער אָרעמער היים, האָט ער גענומען דעם רעכטן, געשמאַקן, אמתן שמעק טאַבאַק...

אַזוי האָט ספּעקטאָר געענדיקט. און דער אָדעסער עולם האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געשריגן מיט קולי-קולות:

„ספּעקטאָר! ספּעקטאָר!״

און ספּעקטאָר, הינטער די קוליסן, איז דערנאָך געזעסן אַ צופרידענער און גוטמוטיק געמורמלט:

„ספּעקטאָר! ספּעקטאָר! עס ווייזט אויס, אַז ספּעקטאָר איז פאָרט עפּעס וואָס!...״

# מ. ספעקטאָר אין קעשעניעוו.

י. וויינשטיין.

דעם ערשטן וויזיט האָט ער מיר אָפּגעשטעקט. און גאַנץ צופעליק.

ער איז נאָר וואָס פון בעלץ אָנגעקומען און האָט גע־זוכט אַן אכסניה. אויפן גאַס האָב איך אים באַגעגנט צוזאַמען מיט מאַדאַם ב. ספעקטאָר און בין גלייך צו אים צוגעגאַנגען און האָב אים איינגעלאַדן צו מיר.

דעם גאַנצן וועג האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן דער שרעקלעכער נסיעה, וועגן דעם גרענעץ-שמוגל און וועגן דעם הונגער אין רוסלאַנד.

„איר מוזט אַוודאי מיינען," האָט ער מיר געזאָגט, „אַז ספעקטאָר איז שוין עובר-בטל... ניין, מיין פריינט, ספעקטאָר איז נאָך פול מיט יוגנטקראַפט... ספעקטאָר וועט נאָך אָנשרייבן אַ ראָמאַן, וואָס וועט אָנמאַכן אַ רעש אין אונזער ליטעראַריש וועלטל... זאָל ער נאָר קומען צו די כוחות... איר ווייסט דען, וואָס איך האָב זיך דאָרט אָנגעליטן? מילא, הונגער איז נאָך צו דערליידן... עס האָבן דאָך אַלע געהונגערט... נאָר די איינ־זאַמקייט, די עלנטקייט! אַלע זענען זיך צעלאָפן, ווי די מייז

פון אַ שיף, וואָס האַלט ביים זינקען, און דעם אַלטיטשקן האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט... ניין, נישט לייטיש פון זייער זייט... נישקשה, איך וועל זיך מיט זיי באַגעגענען אין וואַרשע, וועלן זיי פון מיר האָבן זייער רעכט אויס־קומעניש..."

נאָכן מיטאָג האָט ער זיך צוגעלייגט שלאָפן... און פאַר־נאַכט זענען מיר אַוועק אין רעדאַקציע פון דער אָרטיקער טעגלעכער צייטונג „דער ייד", וואו איך האָב מיטגעאַרבעט.

ער איז צוגעפאַלן צו די מאָגערע בלעטער און זיי אויס־געזופּט, ווי אַ דורשטיקער—אַ קאַלטן טרונק וואַסער...

„הערט אַ געשיכטע! איר באַקומט דאָך דאָ די פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט... אַזוי? נו, און וואָס הערט זיך אין וואַרשע? „דער מאָמענט" גייט נאָך? און וואָס טוט די דאָר־טיקע קאַפּעליע? וואָס מאַכט פרישמאַן?"

און דער אַלטער האָט זיך אַוועקגעזעצט און באַלד אָנ־געשריבן אַ גאַנצן טוץ בריוו קיין וואַרשע צו זיינע פריינט און קאָלעגן... און יעדעס מאָל, ווען ער האָט אויפגעשריבן דעם אַדרעס, האָט ער געטאַנצט פאַר שמחה, ווי אַ קינד.

„איר הערט אַ געשיכטע? קיין וואַרשע! הייסט עס, אַז אויב כ'וועל נאָר קריגן געלט, קען איך זיך אויפזעצן אין אַ שיינעם פרימאָרגן און... ויברח קיין וואַרשע? פּלאַי־פּלאָים!"

און אַריינפאַלנדיק אין התלהבות, האָט ער טאַקע באַלד אויפן אָרט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַרום צו קומען קיין וואַרשע. דערביי האָט ער האַלב גערעדט, האַלב פאַנטאַזירט...

„קודם־כל דאַרף מען אָנשרייבן אַ בריוו פינסקין קיין ניו־יאָרק... איר ווייסט, חברה, אַז דוד פינסקי איז מיין שוואָ־גער? דערנאָך וועלן מיר פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך נעמען צו דער „עבודה"... נישקשה, ספעקטאָר איז נאָך נישט אויס־געוועבט... כ'וועל איבעראַרבעטן מיין „יידישן מוזשיק"... גלאַט איך קען זיך קיין עצה נישט געבן מיטן נאָמען... צוריק מיט יאָרן האָט אַפילו פרישמאַן געשריבן „די סקאַזקאַ איז נישט

דאָסטאָטעטשנאָ קאַרטינאָ״... מיר דאַרפן אָבער אַ ריינע שפּראַך... נישט קיין שפּראַך, נאָר אַ לשון... איר פאַרשטייט? יידיש האָט אויך קדושה... אַ צווייטער לשון-קודש... און „מוזשיקע-וועץ״ אין אונזער צייט איז נישט שיין. וועל איך אים אָנרופן „דער יידישער קאָלאָניסט״... צי כ׳ווייס, ווי... הקיצור, מיר וועלן שוין זען...״

אַזוי איז ער געשפּרונגען פון איין געדאַנק צום צווייטן, פון איין פּלאַן צום אַנדערן... און אַלץ מיט התפּעלות, מיט התלהבות...

און אַ מערקווירדיקע זאַך: שוין בײַ די דרייאונזעכציק יאָר, און נאָך אַזעלכע שווערע איבערלעבונגען, האָט ספּעקטאָר דאָך געבּרויזט מיט ענערגיע און קראַפט.

ער האָט זיך געקליבן פאָרן קיין אַמעריקע אויף עט-לעכע יאָר, און דערנאָך ערשט האָט ער געזאָלט קומען צוריק קיין וואַרשע און פאָרטזעצן זיין ליטעראַרישע אַרבעט...

ער האָט געפילט, אַז די צייט איז אַוועקגעפלויגן פאָרויס, און ער איז געבליבן הינטערשטעליק. ער פלעגט זיך אָבער טרייסטן, אַז אים וועט נאָך געלינגען ביזן טויט זייער פיל אויפצוטאָן פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

„מילא, איך וועל זיך נישט פאַרמעסטן,״ האָט ער איינ-מאָל געזאָגט, „מיט די בעסטע פון די יונגע... אָבער איך האָב נאָך אויך וואָס צו זאָגן...״

ער האָט געפּרואווט גרינדן אין קעשעניעוו אַ הילפס-קאָמיטעט פאַר דורכוואַנדערנדיקע יידישע ליטעראַטן, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות האָט זיך אים די זאַך נישט איינ-געגעבן.

אין אַ יאָר אַרום, לערך, איז ער אָפּגעפאָרן קיין ניו-יאָרק.

אויפן באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר זיין אָפּפאָרן, האָט ער, צווישן אַנדערע, איבערגעגעבן אייניקע אינ-טערעסאַנטע עפּיזאָדן פון זיין שוואַרצן די גרענעץ.

„אַ שעה פֿאַרן שוואַרצן די גרענעץ האָב איך זיך געזען מיטן הויפּטשמוגלער און אים נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, צי ווייסט ער, ווען ער נעמט זיך צו פֿירן איבער דער גרע־נעץ... איר זאָלט וויסן זיין, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין נישט קיין שפּעקולאַנט; איך פֿיר נישט מיט זיך קיין בריליאַנטן, קיין גאָלד... ווילט איר מיך דערטרינקען, ווי איר טוט עס אָפֿט מיט אייערע פּאַסאַזשירן, קענט איר שוין מיט מיר אַראָפּגיין צום טייך און מאַכן דאָס עסק... אלא, נעמט איר זיך אונטער מיך מיט מיין פֿרוי אַריבערצופֿירן, זאָלט איר אַרבעטן ערלעך...

„שוין אויף דער בעסאַראַבער ערד,” האָט ער ווייטער דערציילט, „איז אונז, דער גאַנצער גרופּע היימלאָזע, אויסגע־קומען צו קלעטערן אויף אַ שטאַרק הויכן באַרג. איך בין גע־ווען דער דיקסטער צווישן אַלע, און מיר איז דידאָזיקע אַר־בעט אָנגעקומען זייער שווער. דערגרייכט מיט צרות דעם שפּיץ באַרג, האָב איך זיך אָבער אויסגעגליטשט, פֿאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט און זיך אַראָפּגעקייקלט... כ'האָב געמיינט, אַז איך פֿאַל גלייך אַריין אין דניעסטער, ווייל דער באַרג איז געשטאַנען ביים ברעג פֿון טייך... אָבער, צו מיין גליק, האָב איך, פֿאַלנדיק, זיך אָנגעכאַפּט אין אַ פֿעלז און בין גע־בליבן האַלב־ליגנדיק און האַלב־זיצנדיק...

„אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך זיך געפֿונען גאַנצע פֿופֿצן מינוט, ביז איינער פֿון די פֿויערים האָט מיר דערלאַנגט אַ שטריק און מיך אַרויפֿגעצויגן... וואו איך האָב גענומען כּוח, ווייס איך נישט, נאָר, ווייזט אויס, אַז מיר איז נאָך באַשערט צו זיין אין וואַרשע...”

אָבער אין וואַרשע איז אים נישט באַשערט געווען צו זיין...

# פשטות און נאַטירלעכקייט.

א. גאָלדבערג.

באַקומט מען די ידיעה וועגן דעם טויט פון אַ נאָענטן מענטשן — מעג ער זיין פון די באַדייטנדסטע שריפטשטעלער, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער אָדער וויסנשאַפטסלייט — דערשפּירט מען דעם קלאַפּ קודם־כל פּ ע ר ז ע נ ל ע ך, און ערשט דערנאָך הייבט מען זיך אָן אָפּצוגעבן אַ רעכענונג, וואָס פאַר אַ גרויסע אבידה מיר האָבן אַלע, אין אונזערע העכערע אינטערעסן, געליטן.

נאָך טיפער וועלן אַזוי שפּירן די אַלע, וואָס האָבן גע־קענט ספּעקטאָרן פון דער נאָענט, וואָס זענען געשטאַנען מיט אים אין פאַרבינדונג אָדער יאָרנלאַנג מיט אים צוזאַמען גע־אַרבעט.

די איינפאַכקייט, די פשטות, וואָס האָט אויסגעצייכנט ספּעקטאָרן אַלס שריפטשטעלער — דער ערשטער סימן פון אמתן טאַלענט — האָט שטענדיק באַצייכנט אויך ספּעקטאָרס באַ־ציונגען צו זיינע נאָענטע דער שטענדיקער מסתפּק במועט אין אַלע הינזיכטן — הגם אַלס שריפטשטעלער אין ז יי ן צייט איז זיין באַדייטונג גאָר און גאָר נישט געווען קליין—

האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט קיין פּרעטענזיעס צום כּלל־ישראל און נישט צו איינצלנע פּריינט זיינע.

ער האָט קיינמאָל אויך נישט געוואָלט איבערשטייגן זיך אַליין, זיינע מעגלעכקייטן, ווי אין דער ליטעראַטור, אַזוי אויך אין פּערזענלעכן לעבן.

„גאָט האָט מיר געשענקט אַ ביסל טאַלענט, און דערפאַר דאַנק איך זיין ליבן נאָמען," פלעגט אָפט זאָגן אין זיין ענוות דער פאָלקסטימלעכסטער פון אונזערע שרייבער, — און ער האָט „געדאַנקט גאָט" און איז געווען צופרידן מיט יידן, און באַזונדערס מיט יידיש, מיט „גאָטס יידיש", ווי ער דריקט זיך אויס אין איינעם פון זיינע לעצטע בריוו צו מיר.

שטענדיק איז ער געווען צופרידן, שטענדיק איבערראַשט פונם קלענסטן באַווייז פון פאַרערונג צו אים.

כאַראַקטעריסטיש פאַר ספּעקטאָרן איז געווען זיין שילדערונג מיט דריי יאָר צוריק, ווען מיר האָבן זיך געזען אין ניו־יאָרק, וועגן זיין נסיעה פון ראַטנרוסלאַנד קיין אַמעריקע.

נאָכדעם, ווי ער האָט זיך פיל אָנגעליטן אין אָדעס און אין ראַטנרוסלאַנד, איז ער מיט מזל אַריבער דעם דניעסטער (אין זיין ראָמאַן „סודות" גיט ער געוואַלדיק שטאַרקע שילדערונגען, וויאַזוי מען שוואַרצט די גרענעץ איבערן דניעסטער), און איז אָנגעקומען קיין קעשעניעוו.

ער האָט אין קעשעניעוו קיין באַקאַנטע נישט געהאַט, און האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך דאָרט וואַלגערן גאָט ווייס ווי אַזוי. צום סוף האָט מען זיך אין שטאָט דערוואוסט וועגן זיין אָנקומען, און שוין אויפן וואָקזאַל האָט אַ היפשער עולם, באַזונדערס פון דער יוגנט, אים אָפּגעוואַרט, און באַלד ווי ער איז אָנגעקומען, האָט אים מקבל־פּנים געווען אַ דעלעגאַציע מיט וואַרעמע ווערטער: „זייט געגריסט, גרויסער יידישער שרייבער, אין אונזער שטאָט!".

און אַזוי אין ווילד־פרעמדן בוקאַרעשט, אַזוי אין גרויסן פּאַריז, און נאָכמער ביי זיין אָנקומען אין ניו־יאָרק.

דאָ האָט ער זיך באַלד אויסגעצייכנט אײַנגעאָרדנט, און ער האָט פאַרלאַנגט, איך זאָל גיין זען זיין שיינע וואוינונג, מיט די באַקוועמע אײַנריכטונגען, מיט די טעפּיכער... נו, קען מען נאָך האָבן טענות צום פאָלק ישראל, קען מען נאָך זאָגן, אַז מען לייענט אונז נישט?

זיין דאָזיקע באַציונג שטאַמט נישט פון „קליינקעפּדי-קייט", פון פּלאַכקייט, נאָר דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון אַ ניכ-טערנעם צוקוקן זיך צום רעאַלן לעבן און צו זיינע דער-שיינונגען.

אַזוי איז ער געווען אַלס שריפטשטעלער.

ער איז נישט געווען קיין גריבלער, ער האָט נישט אויפגעוואָרפן קיין גרויסע פּראָבלעמען און זיי נישט געוואָלט לעזן. ער האָט אויך נישט געוואָלט זיין קיין שאַפער פון אַ נייער עפּאָכע, אַפילו נישט פון נייע ליטעראַרישע פאָרמען.

ער איז אָבער געבענטשט געווען מיט עכטן טאַלענט, און מיט זיין קינסטלערישער אינטואיציע פאָרויסגעזען, פאָרויס-געשפּירט דעם איבערברוך אין יידישן לעבן און געמאָלט אים אין זיינע ווערק אין ר ע אַ ל ע בילדער, הגם ער האָט זיך אָפט נישט געקענט באַפרייען פון מעלאָדראַמאַטישע עפעקטן.

אַזוי איז געשאַפן געוואָרן זיין „יידישער מוזשיק" (1883). עס איז געווען די צייט נאָך די ערשטע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן געגעבן אַ טויטקלאַפּ דער אַלטער אידעאָלאָגיע פון אַסי-מילאַציע אין רוסלאַנד. עס שאַפט זיך די ביל"ו-באַוועגונג און אַ טייל—אמת, דערווייל זייער אַ קליינער—ווענדט די אויגן צום מזרח, צו ארץ־ישראל.

די דאָזיקע באַוועגונג איז נאָך אין אירע ערשטע וויקע-לעך, אָבער מרדכי ספּעקטאָר דערשפּירט א י נ ט ו א י ט י ו ו איר וואוקס, און ער גיט זיין ראָמאַן, וואָס ווייזט אָן אויף דער יידישער צוקונפט.

און אַז די השכלה־עפּאָכע איז טויט, הגם מען האָט זי נאָך נישט אינגאַנצן געבראַכט צו קבורה, גיט אונז ספּעקטאָר

דעם ראָמאַן „קאַליקעס״, אין וועלכן די הויפּטהעלדין, אידע, זאָגט אָן דאָס אָנקומען פון אַ נייער יידישער יוגנט, וועלכע האָט זיך אַרויסגעריסן פון קליינעם שטעטל. זי איז עמאַנסי־פּירט, אָבער גלייכצייטיק אַנטלויפט זי נישט פון פאָלק, נאָר, פאַרקערט, זי בלייבט און אַרבעט פאַרן פאָלק. זי אַנטוויקלט זיינע גייסטיקע אוצרות, און עס ווערן געשאַפן געזונטע טיפן פון שטאָלצע יידן און געזונטע מענטשן, און אַ סוף דאַרף נעמען צו די „קאַליקעס״.

מ. ספּעקטאָר האָט באַזונדערס גוט געקענט דאָס יידישע שטעטל, די ליידן און פריידן פון יידישן שטעטל, און האָט זיינע אַלע סימפּאַטיעס געשענקט די שוואַכסטע פונם שטעטל,— דער יידישער פרוי און דעם יידישן קינד. די יידישע פרוי איז דער שענסטער טיפּ אין אַ ריי פון זיינע גרעסערע און קלענערע ווערק, און זיינע דערציילונגען פון קינדערלעבן זענען ביזן היינטיקן טאָג אמתע פּערל אין דער יידישער ליטע־ראַטור („עניים ואביונים״, „יום־כיפּור״ און אַנדערע).

ער האָט אַזוי געקענט און אַזוי ליב געהאַט דאָס יידישע שטעטל, אַז ווען מען האָט אים פאַרגעלייגט מיטצואַרבעטן אין וואָכנבלאַט „יוד״, האָט ער איבערגענומען די פּראָווינץ־אָפּטיי־לונג, און זיינע פּראָווינץ־פעליעטאָנען מיט דער אונטערשריפט „אמת״ זענען געווען זייער פּאָפּולער.

ער האָט נישט געהערט צו די שרייענדיקע, ער האָט אָבער אויך נישט געהערט צו די, וואָס מיינען, אַז טאַלענט באַפרייט פון אַרבעט. ער איז געווען רעדאַקטאָר, פאַרלעגער, מיטאַרבעטער.

ער האָט אָנגעהייבן אַלס מיטרעדאַקטאָר פון צעדערבוימס „פאָלקסבלאַט״, אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט דעם „הויז־פריינד״ (מיט שלום־עליכמס מיטהילף), רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט י. ל. פּרצן די ערשטע „יום־טוב־בלעטלעך״, דערנאָך רע־דאַקטירט, אַרויסגעגעבן און מיטגעאַרבעט אין וואַרשע אין פאַרשידענע צייטונגען.

אין דער מלחמה־צייט איז ער אַריבערגעפאָרן קיין אָדעס און דאָרט אויך מיטגעאַרבעט אין „אונזער לעבען", און דאַכט זיך, צוליב פרנסה, אויך אין אַן אָרטיקער גרויסער רוסישער צייטונג.

זיין וועג—אויך זיין פּערזענלעך לעבן—איז נישט געווען „אויסגעשפּרייט מיט רויזן". ער האָט זייער פיל געליטן, פיל איבערגעלעבט, און דאָך איז ער שטענדיק געבליבן דערזעלבער גוטמוטיקער, אַרבעטסלוסטיקער, פריינטלעכער, דער „מסתּפּק במועט".

„איך האָב דאָס צו פאַרדאַנקען מיין אַלטיטשקער!" פלעגט ער זאָגן און אָנווייזן אויף זיין פרוי.

* *

דער יידישער ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס וועט האָבן פאַר זיך די גאַנצע גאָלדענע קייט פון אונזער אַנטוויקלונג, וועט אָן ספק אַוועקשטעלן ספּעקטאָרן אין דער ערשטער ריי פון די בויער און שאַפער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. צוזאַמען מיט ספּעקטאָרן איז אַוועק אויפן עולם־האמת דער לעצטער פון דערדאָזיקער ערשטער ריי.

„עס בענקט זיך נאָך אַמאָל נאָך דער אַמאָליקער וואַרשע און נאָך מיין אוקראַינע און נאָך מיינע חברים, וועלכע זענען שוין דאָס רוב אויף דער וועלט נישטאָ", שרייבט ער מיר אין זיין גאָר לעצטן בריוו. „איך האָב אייך וועגן מיר פיל צו שרייבן, נאָר, אי"ה, אין צוואַנציק חדשים אַרום, ווער איך אַן אַמעריקאַנער בירגער, און דאַן, ווען איך מיט מיין

פרוי, זאָל לעבן, וועלן זיין געזונט, מאַכן מיר אַ רייזע, און צום ערשטן באַזוכן וואַרשע, וועל איך וועגן אַלץ קענען דערציילן".

די אַמעריקאַנער ערד האָט אים צוגענומען נאָך איידער ער איז געוואָרן אַן אַמעריקאַנער בירגער און זיין געפּלאַנטע רייזע נעקענט אונטערנעמען.

# דער לעצטער מאָהיקאַנער.

## ש. י. סטופּניצקי.

ער איז געווען דער לעצטער פון דער ערשטער תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור, דער לעצטער מאָהיקאַנער, דער, וואָס האָט געהערט צו דער פּלעיאַדע מענדעלע-שלום-עליכם, אַ שרייבער פון גאָטס גענאָד, וועלכער איז געווען דאַנקבאַר פאַר דער מתנה, וואָס ער האָט באַקומען אין וויג און האָט די מתנה געהיט און געשאַנעוועט.

מ. ספּעקטאָר איז געווען דער געבוירענער קינסטלער, רעאַליסט, נאַטוראַליסט אָדער ווי מען רופט עס נאָך דאָרט.

ער איז נישט געשטאַנען אונטער קיינעמס איינפלוס, נאָר האָט געשעפּט פון זיין אייגענעם קוואַל, האָט געשריבן נאָר דאָס, וואָס ער האָט געזען און געזען דאָס, וואָס ער האָט געשריבן.

אַ מענטש, ערלעך, שטיל, באַשיידן, אויפריכטיק, נאַיוו, קינדיש, וואָס מיינט, וואָס ער רעדט און רעדט, וואָס ער מיינט, וואָס איז אַ קינסטלער, אָבער פאַרשטייט נישט קיין קונצן,— איז ער געווען באַשאַפן פאַרן קאַבינעט, פאַר דער שטילער, רואיקער, ליטעראַרישער אַרבעט.

לויט זיין כאַראַקטער, זיין מזג-טוב, האָט ער געדאַרפט צו זיין עפּעס אַ גוטבאַזיצער, אַ פּריץ, וואָס שלאָפט זיך גוט אויס, עסט אָפּ אַ פיינעם מיטאָג, רויכערט אויס אַ ציגאַר, זעצט זיך שפּילן אַ פּאַרטיע „ווינט", און נאָך אַלעמען, ווען אַלע וואָכעדיקע אַרבעטן זענען געענדיקט, זעצט ער זיך אַוועק ביים שרייבטיש און שרייבט עפּעס פאַר דער וועלט.

דער גורל האָט אָבער אַנדערש געוואָלט.

דער שטילער, ערלעכער, אַ ביסל עקיקער מענטש, איז אַריינגעפאַלן אין דער פּרעסע, איז געוואָרן אַ צייטונגסמענטש, האָט אַרויסגעגעבן דאָס ערשטע יידישע זאַמלבוך, רעדאַקטירט כמעט די ערשטע יידישע וואָכנשריפט, געווען דער הויפּט-מיטאַרבעטער אין „אונזער לעבן", געפּרואווט אַליין ווערן באַ-לעבאָס פון דער „נייער וועלט", שותף אין „מאָמענט" א. אַז. וו.

דאָס איז אפשר געווען דאָס טראַגישסטע אין זיין לעבן. ער האָט נישט געהאַט נישט דאָס נייטיקע וויסן, נישט די געשיקטקייט, נישט דעם טעמפּעראַמענט און אויך נישט די גלאַטקייט פון אַ וואַרשעווער צייטונגסמענטש. ער איז דע-ריבער געווען אָפט אַ קאָמישע פיגור מיט זיין ערלעכקייט און נאַיווקייט אין דעם קרייז פון געריבענע, געשמיסענע יונגען...

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז מ. ספּעקטאָר איז געווען ערלעך, שטיל, באַשיידן און אויפריכטיק, אַלץ מעלות, וואָס געהערן צום עלטערן דור.

היינט ווען זיך אַ שרייבער באַליידיקן, מען זאָל אויף אים זאָגן אַזעלכע שבחים. נאָר אַפילו צווישן עלטערן דור איז ער געווען אַן אויסנאַם מיט זיינע פיינע מידות. אַלס כאַראַקטעריסטיק פון דעם מענטשן ספּעקטאָר, קען דינען פאָלגנ-דיקער עפּיזאָד פון זיין לעבן.

מרדכי ספּעקטאָר איז אין דער יוגנט געווען אַ שיינער, עלעגאַנטער קאַוואַליער, פריילעך, לוסטיק, און דערצו נאָך אַ שריפטשטעלער.

מיט די אַלע מעלות האָט ער „געפאַנגען דאָס האַרץ"

פון אַ שיינער, עלעגאַנטער מיידל, די טאָכטער פון העברעישן ליטעראַט הר־שלום. ער האָט מיט דער פרוי געלעבט גליקלעך אייניקע יאָר. זי האָט אַפילו געהאַט אַ פּאָר קינדער מיט אים, וועלכע זענען, ליידער, פרי געשטאָרבן.

ספּעקטאָר איז אָבער געווען אַ פריילעכער, לוסטיקער קבצן. פון זיין שרייבן האָט ער קיין פּרנסה דער ווייב נישט געקענט געבן. ער האָט דעריבער איינגעזען, אַז ער האָט נישט קיין רעכט זי צו פּייניקן, זי זאָל ביי אים אָפּקומען, ליידן הונגער, אין דער צייט, וואָס איר שיינקייט, עלעגאַנץ און בילדונג גיבן איר אַ מעגלעכקייט צו דערגרייכן עפּעס בע־סערס אין לעבן.

און אָט האָט ער דער פרוי, וועלכע ער האָט געליבט, פרייוויליק געגעבן גט, איז געבליבן ווייטער איר גוטער פריינט און האָט איר אַליין אויסגעפונען אַ פּאַסנדיקן שידוך מיט אַ רייכן, געבילדעטן יונגנמאַן אין אָדעס...

ספּעקטאָר איז געווען דער לעצטער מאָהיקאַנער פון דער אַלטער פּלעיאַדע יידישע שרייבער, האָבן מיר געזאָגט. ער איז אָבער גלייכצייטיק אויך געווען דער ערשטער פון די נייע יידישע שרייבער. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשריבן נאָר יידיש, וואָס האָט אָנגעהייבן זיין קאַריערע מיט יידיש, אין דער צייט, ווען אַלע עלטערע שרייבער האָבן אָנ־געהייבן מיט העברעיש און זענען שפּעטער אַריבער צו יידיש.

אָבער זיין „ריינע יידישקייט" האָט ער נישט באַטראַכט פאַר קיין מעלה. ער האָט זיין גאַנץ לעבן געפילט, אַז דאָס העברעישע פעלט אים, אַז דאָס שטייט אים אין וועג אויף יעדן טריט.

נישט בלויז אַלס צייטונגסמענטש האָבן אים די ידיעות געפעלט, נאָר אַפילו אַלס קינסטלער האָט ער געמוזט פילן דעם פאַרלוסט פון אַזעלכע ידיעות.

וואָס וואָלט, אַ שטייגער, ספּעקטאָר געקענט אַליין דער־ציילן פון זיין שטאָט אומאַן, פון די אומאַנער חסידים, פון

ר׳ נחמן בראַסלאַווער, ווען עס וואָלט פאַר אים געווען אָפן און פאַרשטענדלעך די ליטעראַטור פון חסידיזם?

אַזוי האָט ער זיך געמוזט באַנוגענען מיטן דערציילן אַ פּאָר עפּיזאָדן פון זיינע קינדערשע יאָרן, און דעם עיקר, דאָס אינטערעסאַנטסטע, פאַרשווייגן.

ספּעקטאָר האָט מער באַדייטונג אַלס אָרגאַניזאַטאָר, איידער אַלס זעלבשטענדיקער שאַפער. אין „הויז־פריינד", וועלכן ער האָט אַרויסגעגעבן, האָבן זיך באַטייליקט די באַדייטנדסטע קרעפטן. דאָרט האָבן געשריבן מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, פרישמאַן און אַנדערע.

זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען האָבן געדינט ווי אַ בריק, וואָס האָט געפירט דעם לעזער פון א. מ. ד י ק ן, ש מ ״ ר ן און ב ל אָ ש ט יי נ ע ן צו דער ליטעראַריש־קינסטלע־רישער שילדערונג.

ספּעקטאָר האָט געהאַט דעם חסרון, ווי מיר האָבן שוין געזען, וואָס ער איז נישט געווען באַאיינפלוסט פון קיין לי־טעראַטור, אויסער דער יידישער, און אָט דער חסרון איז אָבער פאַר אים געווען אַ מעלה. ער האָט נאָר געשעפּט פ ו ן ז י ך, פון זיין אינערלעכן קוואַל און האָט מייסטערהאַפט געשילדערט די „קליינע מענטשעלעך", די „וועלט מיט וועלטעלעך", די „עניים ואביונים".

זייער לעבן האָט ער געקענט און האָט זיי מיטגעפילט.

אָבער דאָרט, וואו ער קומט מיט אידעען, וואו ער פאַר־מעסט זיך צו שילדערן אַ תקופה, אַ סביבה, וועלכע איז ווייט פון אים, למשל, ווען ער פרוּווט שרייבן אַ דערציילונג פון בעל־שמס צייטן, מוז ער בלייבן אינדערמיט און קען עס נישט פאַרענדיקן.

ספּעקטאָר איז דער מייסטער פון די קליינע מענטשעלעך און דערפאַר שאַפט ער אין דער פּרעסע דעם טיפּ קליינעם פּראָווינצער פּעליטאָן, וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן

מיט די ליידן און פריידן פון די קליינע וועלטעלעך מיט די קליינע מענטשעלעך.

אין דער צייטונג האָט ער זיך געמוזט באַנוגענען מיט דער דערציילונג און פעליעטאָן, אָבער דאָס איז געווען גענוג, און ער האָט כל־ימיו מיטגעאַרבעט אין דער טעגלעכער פּרעסע.

ביים מלחמה־אויסברוך פאַרלאָזט ער וואַרשע און וואַנדערט אויס אין זיין ליבער אוקראַינע, באַזעצט זיך אין אָדעס, וואו ער מאַכט דורך די אַלע יסורים פון אַ היימלאָזן, ביז דער תקופה פון באָלשעוויזם.

נאָכדעם וואַנדערט ער אויס קיין אַמעריקע, און הייבט ווידער אָן צו שרייבן ראָמאַנען און דערציילונגען אין די צייטונגען.

זיין פריילעכע, גלויביקע נאַטור וועקט ביי אים האָפענונגען. ער חלומט נאָך אַמאָל אַראָפּצוקומען קיין וואַרשע, אַלס אַמעריקאַנער בירגער און עסן פּופּקעלעך מיט לעבערלעך און אפשר נאָך פיש מיט „קליסקעלעך”, זיינע ליבלינגס־מאכלים, אין „באַר אַנגעלסקי”, אין אַ קרייז פון באַקאַנטע און פריינט, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן.

און עס וואָלט טאַקע געווען אַ שמחה, ווייל ספּעקטאָר האָט געלאָזן אומעטום, וואו ער איז נאָר געווען, גוטע פריינט. קיין שונאים האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט.

# מ. ספעקטאָר, דער מענטש
# און דער שרייבער.

צבי כהן.

צווישן די פיר זיילן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור: מענדעלע, שלום-עליכם, פרץ און מ. ספעקטאָר, איז ער, מ. ספעקטאָר, דער לעצטער פון זיי, געווען אַן אויסנאַם אין דעם זין האַרמאָניע, וואָס עס האָט געהערשט צווישן זיין שאַפן און זיין פערזענלעכקייט.

דער מענטש און דער שרייבער, וועלכע האָבן זיך אָפט געבונטעוועט און געפירט מלחמות צווישן זיך ביי די ערשטע דריי, האָבן ביי אים געלעבט בשלום ושלוה, אין דער העכסטער האַרמאָניע און צופרידנקייט.

מ. ספעקטאָר איז געווען, אַלס שרייבער, אַ געזונטער מענטש. ער האָט נישט געליטן פון קיין „צוויי-שפּאַלטיקייט", פון אַ „טאָפּעלער פערזענלעכקייט".

אַ רעאַליסט, ווי ער איז געווען אין שרייבן, איז ער אויך געווען אין לעבן. ער איז געווען, לויט דעם רוימישן שפּריכוואָרט — אַ געזונטער גייסט אין אַ געזונטן קערפּער, און

האָט דעריבער שטענדיק מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ האַרמאָניע, אַ גאַנצקייט, אַ פולשטענדיקע פערזענלעכקייט.

זיין קוק אויפן לעבן איז געווען אַ רעאַליסטישער. ער האָט פיינט געהאַט סאָפיסטיק און פשטלעך, ווי מיסטיק און סימבאָלן. ער פלעגט זאָגן: „איר זעט אַ טיש, אַ בענקל, אַ מאַן, אַ פרוי — באַשרייבט זיי, אַזוי ווי זיי זענען. פוצט נישט צו. איר קענט שרייבן פון זיי, אַזוי ווי זיי זענען, זייער פיל."

אָדער ער פלעגט זאָגן:

„וואָס ווילן האָבן די נייע? וואָס איז זיי ווייניק דאָס לעבן? דוכט זיך, אַ וועלט אַזאַ גרויסע, צו שרייבן, צו שילדערן איז דאָ אַזויפיל! וואָס זוכן זיי נייע וועגן? צו וואָס דאַרף מען עס? זענען זיי שוין מיט די אַלטע וועגן פאַרטיק? האָט מען שוין באַשריבן דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז?"

ער איז געווען דער אמתער רעאַליסט אין אונזער יידישער ליטעראַטור. מענדעלע האָט ליב געהאַט, נישט וואו, נישט ווען, צו זאָגן אינמיטן פון אַ שילדערונג אַ ביסעלע שירה; שלום-עליכם האָט זיך פאַרגונען אַ וויץ; פרץ האָט געזוכט אַ געשליפן וואָרט, אַ בליץ, אַ נייעם אויסדרוק.

מרדכי ספעקטאָר האָט זיך דאָס אַלץ נישט פאַרגונען.

ער האָט דערזען אַ וועלט אַ גרויסע, אַ יידישע וועלט, פול מיט יידישע צרות, מיט אַ אייגנאַרטיקן יידישן לעבן, און ער האָט געפילט אויף זיך אַ חוב צו שילדערן נאָר אָט דאָס פשוטע לעבן.

און ער האָט זיך נישט פאַרגונען נישט קיין וויץ, נישט קיין שירה, נישט קיין געשליפענע ווערטער, נאָר שילדערונג און שילדערונג, בילדער פון יידישן לעבן.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען אים ביי פאַרשידענע מאָמענטן, און כ'בין פאַרוואונדערט געוואָרן, ווי אַזוי ער איז אומעטום געווען איין און דערזעלבער, אַ גאַנצער, אַן אויסגעהאַלטענער, צי ווען ער האָט געשריבן אַ ראָמאַן, צי אַ דערציילונג, צי אַן אַרטיקל, צי אַ פעליעטאָן, צי אַלס רעדאַקטאָר

פון „אונזער לעבן" אָדער אַן אַנדער צייטונג אין וואַרשע, — אומעטום דערזעלבער ספעקטאָר און דערזעלבער שטריך: פ ש ו ט ק י י ט און א ו י פ ר י כ ט י ק י י ט, אָן קונצן און צאַצקעס.

זיין געזונט גוט אויג פאַר די דערשיינונגען פון לעבן האָט אים קיינמאָל נישט פאַרפירט. ער האָט קיינמאָל נישט געזען די דערשיינונגען פון לעבן שוואַרצער, ווי זיי זענען. מיר האָבן נישט אין אים יענעם מין רעאַליסט, וואָס האָט ליב אונז צו ווייזן די שמוציקסטע און די שוואַרצסטע זייטן פון לעבן — די עקסטרעם־רעאַליסטן, וואָס כאַפּן איבער די רעאַליסטישע מאָס אויף דער אַנדערער זייט.

ספעקטאָר זעט דאָס יידישע לעבן אַזוי ווי עס איז, נישט בעסער און נישט ערגער, נישט שענער און נישט מיאוסער.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין שרייבן האָט ער, ווי אַלע אין זיין צייט, געפּרואווט אַריינצומישן השכלה־פּראָפּאַגאַנדע אין זיין שרייבן. שפּעטער אָבער האָט ער זיך דערפון אויסגעהיילט און אויסגעהיט.

פונדעסטוועגן האָט ער אויך געפּרואווט אונטערשיידן אין זיינע שאַפונגען צווישן ווערק און ווערק. אַזוי האָט ער מיט אייניקע וואָכן פאַר זיין טויט געזאָגט מיט אַ טאָן פון באַדויערן:

„אין דער גאַס, ביים עולם, האָט מיין ראָמאַן „דער גרויסער יחסן" שטאַרק אויסגענומען, און אויך אין רעדאַקציע זאָגט מען מיר, אַז ער איז דער בעסטער ראָמאַן, וואָס איך האָב געשאַפן. מיר אָבער דאַכט זיך, אַז „די שטים פון בלוט", וואָס איך האָב דאָ געדרוקט באַלד ווי איך בין געקומען אַהער, האָט אַ פיל גרעסערן ווערט. עס איז קינסטלערישער."

איינפאַך און אויפריכטיק איז ספעקטאָר אויך געווען אַלס רעדאַקטאָר.

ער האָט קיינמאָל נישט מרמז געווען אין דער רעדאַקציע, אַז ער איז דער רעדאַקטאָר, און האָט שטענדיק זיך באַראַטן וועגן די קלענסטע זאַכן מיט די מיטאַרבעטער.

ער האָט אַלעמאָל פאָרגעלייענט זיינע אַרטיקלען פאַר די מיטאַרבייטער.

אין דער פובליציסטיק פון דער צייטונג האָט ער זיך נישט געמישט און נישט געזאָגט קיין דעה. דערפאַר אָבער האָט ער ביי בעלעטריסטיק זיך געפירט לויט זיין שיטה: אַ דערציילונג מוז זיין פון לעבן.

גלאַט אַ מעשה, אַ מיסטעריעזע שאַפונג מיט פראַזן און קונצשטיק האָט ער נישט געוואָלט הערן, און פלעגט זאָגן:

„שרייבט בעסער עפּעס לעבעדיקס. פון לעבן אַליין. טראַכט נישט אויס קיין מעשיות. צו וואָס טויג עס אייך? דאָס לעבן איז דאָך אַזוי רייך!"



לייענט מען ספעקטאָרן, זעט מען דאָס גאַנצע יידישע לעבן, אַזוי ווי עס איז פאַרלאָפן פון די אַכציקסטע יאָרן ביז צו דער לעצטער צייט.

עס איז אַ קייט פון בילדער און שילדערונגען, וואָס וועלן פאַרבלייבן אויף אייביק, ווי אַ מאָנומענט פון דער לעצטער יידישער עפּאָכע.

אויף ספעקטאָרס דערציילונגען און ראָמאַנען האָט זיך דערצויגן אַ נייער דור לעזער. ער האָט זיי געגעבן, די לעבעדיקע, אַן אמתן יידישן ראָמאַן, דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט, וואָס זיי האָבן געזוכט.

# מיין באַקאַנטשאַפט מיט ספּעקטאָרן.

פּנחס גראַובאַרד.

מיט ספּעקטאָרן האָב איך מיך באַקענט, ווען ער האָט אָנגעהייבן צו אַרבעטן אין „מאָמענט".

איך האָב דעמאָלט געזאַמלט פאָלקסלידער, כסדר אַרומגעוואַנדערט איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך, געווען אַריינגעטאָן און אַריינגעצויגן אין מיין אַרבעט „איבער די אויערן".

איך פלעג מיך אָבער אויך צוקוקן צום לעבן פון די שטעט און שטעטלעך, און אַז עס פלעגט זיך מאַכן עפּעס פּיקאַנטעס אָדער טומלדיקס, פלעג איך עס פאַרצייכענען און צושיקן ספּעקטאָרן. ער פלעגט שוין מאַכן דערפון אַ גאַנצן צימעס אין דער צייטונג.

דעמאָלט האָט סאָכאַטשאָוו נאָך לאַנגע מחלוקת געקריגן אַ נייעם רב, זייער אַ היציקער ייד, וואָס האָט געוואָלט ווייזן זיין כוח אין פרומקייט. האָט ער באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אויף אַ חתונה מעג מען נאָר טאַנצן ביז דער חופּה. נאָך דער חופּה דאַרפן די מיידלעך זאָגן „אַ גוטע נאַכט" און גיין אַהיים. מער האָבן זיי דאָ נישט וואָס צו טאָן.

האָט זיך אויפגעהייבן אַ מוראדיקער קוויטשעדיקער טומל אין שטעטל. אַלע מיידלעך, יונגע, עלטערע און פאַרזעסענע, זענען אַרויס, ווי איין מענטש, מיט אַ טענה, אַז אויב מען וועט זיי שטערן צו טאַנצן און מען וועט זיי באַלד נאָך דער חופה טרייבן אַהיים, וועלן זיי בכלל נישט קומען אויף אַ חתונה און זאָל מען פּראַווען חתונות אָן שמחה און אָן טענץ.

„מיר פאַרשטרייקן!" האָבן זיי געשריען.

איך האָב פאַרצייכנט דעמדאָזיקן מערקווירדיקן שטרייק און האָב עס צוגעשיקט ספּעקטאָרן.

ספּעקטאָר האָט גרויסאַרטיק צוגעפּעפּערט און צוגעפּראַוועט מיינע נאָטיצן אין זיינע „שטעט און שטעטלעך", און דער עולם האָט געלייענט און שטאַרק געלאַכט.

דאָס געלעכטער האָט זיך אַפילו אַריבערגעוואָרפן אויך אין די פּוילישע צייטונגען, וואָס האָבן געגעבן גרעסערע אויסצוגן פון ספּעקטאָרס פעליעטאָן.

און ספּעקטאָר איז געווען געוואַלדיק צופרידן. שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָט ער מיר שטאַרק געדריקט די האַנט, געשמייכלט מיט הנאה, אָנגעקלאַפּט מיר אין פּלייצע און פריילעך זיך אָנגערופן:

„אַ וואויקן מאַטעריאַל האָט איר מיר צוגעשיקט! כלעבן, גאָר אַ וואויקן מאַטעריאַל. שיקט מיר עפּטער צו פון דעם מין".

* *
*

נאָענטער האָב איך מיך באַקענט מיט ספּעקטאָרן, ווען איך האָב אַרויסגעגעבן דאָס „פרישמאַן-בוך."

דאָס ביסל שריפטשטעלער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט גע-

פונען אין וואַרשע, זענען געווען גאַנץ גליקלעך צו מיין אונטערנעמונג. עס האָט אייגנטלעך באַדאַרפט זיין אַ שרייבערשע שמחה, אָבער קיינער האָט זיך נישט געפרייט. יעדער איינער האָט געגלויבט פרישמאַנען אין הימל אַריין, האָט געצויגן מיט די ליפּן, געשאָקלט מיטן קאָפּ פון התפעלות, אָבער פּייערן אים, אַרויסווייזן אים ווארעמקייט — פון דעם האָט מען זיך עפּעס ווי אַרויסגערוקט אין ווערטער. דידאָזיקע באַציונג האָט מיך טיף געטראָפן אָן איבערראַשט.

בלויז איין מענטש האָט זיך הייס באַצויגן צו מיין אונטערנעמונג: מרדכי ספּעקטאָר. ער האָט מיך כסדר געוועקט, געטריבן, געיאָגט, צוגעגעבן מוט און אַלץ געהאַלטן אין איין טענהן:

„עס מוז געשאַפן ווערן דידאָזיקע מתנה פאַר פרישמאַנען. וואָס האָבן מיר אים נאָך צו געבן? מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ מתנות אַ יידישער שרייבער קען זיך דערלעבן פון זיינע חברים און זיינע לעזער... דוד פרישמאַן איז ווערט, מען זאָל אים וועגן מיט גאָלד, מיט בריליאַנטן. אויף די הענט באַדאַרף מען אים טראָגן. האָבן מיר עפּעס אַ סך פרישמאַנס? ער איז דאָך איינער, איינער, איינער! ער איז אונזער לערער, אונזער רבי. ווער שרייבט אַזוי שיין, אַזוי קלוג, ווי ער? איינער און דער איינציקער. טאָ לאָמיר נישט זיין קיין בטלנים און צוטראָגן אים אַ שיין בוך, כאָטש צווישן אונז גערעדט, מיר וויסן דאָך דעם ווערט אַפילו פון אַ שיין בוך... באַ, מיר זענען שוין אַזאַ פאָלק, מיין ליבער, וואָס סיי זיינע שרייבער און סיי זיינע לעזער זענען קאַלטע גלייכגילטיקע מענטשן...״

עפּטער איז ער געקומען צו מיר, האָט זיך געגנוי אויסגעפרעגט, ווי האַלט עס מיט דער אַרבעט, האָט אַריינגעקוקט אין די קאָרעקטן, האָט מיר געגעבן פּראַקטישע עצות, האָט זיך אינטערעסירט מיטן פּאַפּיר, מיטן זאַץ, מיטן פאָרמאַט, מיטן דרוק און האָט אַלץ צוגעטריבן, צוגעיאָגט:

„נישט געשלאָפן, נישט פאַרזוימען, דאָס בוך מוז באַלד פאַרטיק ווערן".

ער האָט זיך געפרייט מיטן בוך, ווי אַ קינד, פונקט עס וואָלט עפּעס פאַר אים פערזענלעך געשאַפן געוואָרן, און האָט מיך אויך אָנגעשטעקט מיט שמחה און באַגייסטערונג.

זיין וואַרעמקייט האָט מיר צענפאַך פאַרגיטיקט די אַרוּמיקע קאַלטקייט און גלייכגילטיקייט.

און עס מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז אַ דאַנק ספּעקטאָרן, איז דערשינען דאָס פרישמאַן־בוך."